ראמען ראלאנד

# זשאַן קריסטאָף

## V. די באַפרייאונג

איבערזעצט פון ל. מ. בעניאמין
אונטער דער רעדאקציאן פון דר. ק. פאָרנבערג



ליטעראַרישער פאַרלאַג, ניו-יאָרק
1921

ער האט איצט קיינעם ניט געהאט. אלע זיינע פריינד זיינען פארשוואונדען. דער גוטער, ליעבער גאטפריעד, וואס איז איהם צו הילף געקומען אין זייע קריטישע לעבענס־מאמענטען — ווען ער האט איצט שטארק באדארפט האבען — איז זינט איינגע חדשים אוועק. — און דעם מאל אויף אייביג. איין אבענט, דעם פריהעריגען זומער, איז א בריעף מיט א גראבער האנטשריפט אנגעקומען צו לואיזע'ן פון א ווייט שטעטעלע אין וועלכען מ'האט איהר געלאזט וויסען אז איהר ברודער איז געשטארבען אויף איינע פון זיינע פארצוויגענע נסיעות, וועלכע דער הויזירער האט דוקא געוואלט מאכען. כאטש ער איז געווען שלאף, און ניט געזונט. מ'האט איהם דארט אויפ'ן ארטיגען בית־עולם מקבר געווען. די לעצטע שטארקע, ערמוטיגענדע פריינדשאפט, אויף וועלכער קריסטאף האט זיך געקאנט אנשפארען, איז אפגעשטארבען, פארשלונגען אין תהום. ער איז געבליבען אליין, נאר מיט זיין אלטער מאמע, וואס האט זיך ניט אינטערעסירט מיט זיינע אידעען, — וואס האט איהם נאר געקאנט ליעב האבען אבער ניט פארשטעהן. ארום איהם איז געלעגען די אומענדליך־גרויסע דייטשע סטעפע, דער אומעטיגער ים. וואס מעהר ער האט זיך געוואלט ארויסרייסען, אלץ טיעפער

איז ער פאַרזונקען געוואָרען. דאָס פיינדליכע שטעטעל האָט צוגעקוקט ווי ער טרינקט זיך...

אָט אין דעם מאָמענט, בעת ער האָט ווי אַ פאַרצווייפעלטער געקעמפט, איז פאַר איהם אין דער פינסטערניש, ווי דורך אַ בליץ, ערשינען די געשטאַלט פון האַסלער'ן, דעם גרויסען מוזיקער וועמען ער האָט אַזוי ליעב געקראָגען ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד און מיט וועמעס נאָמען עס האָט איצט געקלונגען גאַנץ דייטשלאַנד. ער האָט זיך דערמאָנט אַז האַסלער האָט איהם אַמאָל צוגעזאָגט צו העלפען מיט וואָס ער וועט נאָר קאָנען. ער האָט זיך אָן דער ערינערונג אָנגעכאַפּט ווי אַ טרינקענדער אָן אַ שטרוי. האַסלער קאָן איהם ראַטעוועןַ! האַסלער דאַרף איהם ראַטעוועןַ! וואָס פאַרלאַנגט ער דען פון איהם? ניט קיין הילף, ניט קיין געלט, ניט קיין שום מאַטעריעלע שטיצע! קיין זאַך ניט — ער וויל נאָר אַז ער זאָל איהם פאַרשטעהן. האַסלער איז פונקט ווי ער פאַרפאָלגט געווען. האַסלער איז אַ זעלבסטשטענדיגער פרייער מענש, און ער וועט פאַרשטעהן אַ צווייטען זעלבסטשטענדיגען מענשען, וועמען די דייטשע קלייגליכע מיטעלמעסיגקייט פאַרפאָלגט מיט איהרע שאַרפע נעגעל און זוכט צו דערשטיקען. זיי פיהרען דאָך ביידע אָן דעם זעלבען קאַמף!

ער האָט דעם נייעם געדאַנק באַלד גענומען אויספיהרען. ער האָט זיין מאַמען צואוויסען געגעבען, אַז ער וועט אוועקפאָהרען אויף אַכט טעג, און דעם לעצטען אָבענט האָט ער

געגומען דעם צוג וואָס האָט איהם געדאַרפט ברענגען אין דער גרויסער שטאָט, אין צפון־דייטשלאַנד, וואו האָסלער איז געווען קאַפּעלמייסטער. ער האָט ניט געקאָנט וואַרטען. ס'איז געווען דער לעצטער מיטעל אויפצוואַטעמען.

האסלער. איז געווען באריהמט. זיינע שונאים האבען די וואפען ניט אוועקגעלעגט; זיינע פריינד אבער האבען געשריען אז ער איז — איז געווען, און וועט זיין — דער גרעסטער מוזיקער. ער איז געווען ארומגערינגעלט מיט נאַרישע פארעהרער און נארישע געגענער; און אזוי ווי ער האט בטבע ניט געהאט קיין שטארקען כאראקטער, איז ער פון די לעצטע פארביטערט געווארען און פון די ערשטע „פאר־וויכט" געווארען. ער האט זיין גאַנצע ענערגיע אריינגע־לעגט צו קאמפאנירען זאכען וואס זאלען זיינע קריטיקער אויפרייצען און זיי מאכען געוואלטעווען. ער איז געווען ווי א אינגעל וואס זוכט אפצוטאן שפיצלאך. און די „שפיצ־לאך" זיינען טיילמאל געווען העסליכע: ניט נאר האט ער פארברויכט זיין אומגעהייערען טאלאנט אויף מוזיקאלישע קאפריזען, פון וועלכע עס האט זיך די „אפיציעלע" קריטיקער געשטעלט די האר קאפויר, נאר ער האט אויך ארויסגעוויזען א שטיפערישע פארליעבע צו משונה'דיגע טעקסטען און טעמאס, און אפט צו וואולגארע און צווייידייטיגע סיטואציעס — מיט איין ווארט צו אלץ וואס האט געקאנט פארלעצען דעם אנשטענדיגען, גוטען בירגערליכען געשמאק. ער האט הנאה געהאט פון דעם וואס דער „פיליסטער" שרייט... און דער „פיליסטער" האט געשריען. אפילו דער קייזער, — וואס האט געמאכט, ווי יעדער ווייס דעם אנשטעל פון א קינסטלער — האט מיט דער געוועהנליכער חוצפה פון אויפ־געקומענע און פון פרינצען באטראכט האסלער'ס באריהמ־קייט פאר אן עפענטליכען סקאנדאל. ער האט ביי יעדער געלעגנהייט ניט פארפעהלט ארויסצווייזען זיין פארעכט־ליכע גלייכגילטיגקייט צו זיינע געוואגטע ווערק. האסלער'ן האט די קייזערליכע געגנערשאפט גערייצט און געפרייט.

פון דעם פאַרגעשריטענעם פליגעל איז דאָס באַטראַכט גע־וואָרען אַלס אַן אַטעסטאַט, און האַסלער האָט דערפאַר ווײַ־טער „געבראַכען די שויבען". די פריינד זיינע פלעגען פון יעדער נייער נאַרישקייט אריינפאַלען אין אַן עקסטאַז און שרייען אַז ער איז אַ זשעני.

האַסלער'ס קרייז איז דער עיקר באַשטאַנען פון ליטע־ראַטען, מאַלערס און דעקאַדענטישע קריטיקער, וועמעס פאַר־דינסט ס'איז געווען וואָס זיי האָבען מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט געגען דעם רעאַקציאָנע־רען, — אַ שטענדיג־דראָהענדע געפאַהר אין צפון־דייטש־לאַנד — געגען דער פיעטיסטישער מלוכה־מאָראַל. זיי זיי־נען אָבער אין זייער זעלבסטשטענדיגקייט־קאַמף אַזוי צו־היצט און צורייצט געוואָרען, אַז זיי האָבען איהם דערפיהרט ביז צו אַ שטופּע פון אומבאַוואוסטזיניגער לעבערליכקייט, — ווייל אויב פיעל פון זיי האָט באמת ניט געפעהלט קיין טאַלאַנט, האָט זיי אָבער געפעהלט אינטעליגענץ און נאָך מעהר, געשמאַק. זיי האָבען זיך געשאַפען אַ געקינסטעלטע אַטמאָספערע און האָבען פון איהר ניט געקאָנט אַרויס; און, ווי אַלע „קלייזלעך" האָבען זיי ביסלעכווייז אין גאַנצען פאַר־לאָרען דעם חוש פון דער ווירקליכקייט אין לעבען. זיי האָ־בען געשאַפען „געזעצען" פאַר זיך און הונדערטער נאַראָנים וואָס האָבען געלעזען זייערע צייטשריפטען און אָנגענומען מיט קעלבערנער התפעלות זייערע גזרות. זייער בלינדע פאַרעהרונג איז פאַר העסלער'ן געווען אַן אומגליק, ווייל צו־ליעב דעם איז ער מיט זיך שטענדיג געווען צופרידען. ער האָט יעדען נייען געדאַנק וואָס איז איהם נאָר איינגעפאַלען אָנגענומען און איהם אפילו ניט אַנאַליזירט; ער איז אין זיך געווען איבערצייגט, אַז וואָס ער זאָל ניט שרייבען וועט

עס דאָך שטעהן העכער ווי די קאָמפּאָזיציעס פון די אַנדערע מוזיקער. און כאָטש דער געדאַנק איז צום באַדויערן גע־ ווען אמת אין מייסטע פאַלען, איז ער אָבער דאָך געווען א פאַרדאָרבענער, און האָט איהם ניט געקאָנט טרייבען צו דער שאַפונג פון גרויסע ווערק! טיעף אין הארצען האָט האַסלער אַלעמען פאַראַכטעט — פריינד און פיינד; און די ביטערע, איראָנישע פאַראַכטונג האָט איהם אליין און דאָס גאַנצע לע־ בען אויך אריינגענומען. ער איז נאָך מעהר פאַרזונקען גע־ וואָרען אין דעם איראָנישען סקעפּטיציזם דערפאַר, ווייל ער האָט אין זיין יוגענד אמאָל געגלויבט אין א סך גוטע און נאַיווע זאַכען. ער איז ניט געווען גענוג שטאַרק צו באַשי־ צען זיין אידעאַל געגען דער לאַנגזאַמער טאָג־טעגליכער צע־ שטערונג; ער איז ניט געווען גענוג היפּאָקריטיש זיך איינ־ צורייִדען אַז זיין אידעאַל לעבט נאָך אין איהם, — האָט ער דערפאַר שטענדיג ביטער אָפּגעלאַכט פון זיינע יוגענדליכע ערינירונגען. דערצו האָט ער אויך געהאַט די נאַטור פון די זיד־דייטשען — א ווייכע, געמיטליכע־פוילע נאַטור אויף וועלכער גרויס גליק אָדער אומגליק, שטאַרק היץ אָדער קעלט האָבען א פאַרדאָרבענע ווירקונג, און וועלכע מוז האָבען אום אויפצוהאַלטען איהר גלייכגעוויכט, א מיטעל־ מעסיגע טעמפּעראַטור. ער האָט זיך, ווי ניט ווישענדיג, אריינגעלאָזט אין א פוילען, געמיטליכען לעבענס־גענוס: ער האָט ליעב געקראָגען דאָס גוטע עסען, די שטאַרקע געטראַנ־ קען, דאָס זאָרגלאָזע ארומשפּאַצירען און דאָס פויל־געמיט־ ליכע טראַכטען. דאָס האָט זיך געפיהלט אין זיין גאַנצער מוזיקאַלישער שאַפונג, כאָטש צוליעב זיין גרויסען טאַלאַנט האָבען געניאַלע פונקען דאָך אויפגעבליסטשעט אין זיינע נאַכלעסיגע קאָמפּאָזיציעס, וואָס זיינען נאָכגעגאַנגען דעם

געשמאַק פון דער מאָדע. ער האָט מעהר ווי ווער עס איז געפיהלט אַז ער שטאַרבט אָפּ. אין אמת'ן איז ער געוועזן דער איינציגער וואָס האָט עס געפיהלט — אָבער נאָר אין זעלטענע מאָמענטען, און ער האָט די דאָזיגע מאָמענטען, נאַטירליך, געזוכט אויסצומיידען. דאַן פלעגט ער ווערען מיזאַנטראָפּיש, מרה־שחורה'דיג, עגאָאיסטיש, טראַכטען נאָר פון'ם געזונד, — גלייכגילטיג צו אַלץ וואָס האָט אמאָל ארויסגערופען זיין ענטוזיאַזם אָדער פיינדשאַפט.

אַט דאָס איז געווען דער מענש צו וועמען קריסטאָף איז געקומען זוכען א טרייסט און אַן אָנשפּאַר. ס'אַר א פרייד און האָפענונג ס'האָט איהם ארומגענומען בעת ער איז אין א קאַלטען, רעגענדיגען פריהמאָרגען אָנגעקומען אין דער שטאָט, וואו עס האָט געוואוינט דער, וואָס האָט פאַר איהם סימבאָליזירט די זעלבסטשטענדיגקייט אין דער קונסט. ער האָט פון איהם ערוואַרט דאָס וואַרימע, ערמוטיגענדע פריינד־ליכע וואָרט — א וואָרט אין וועלכען ער האָט זיך גענויטיגט, כדי צו קאָנען פאַרזעצען דעם אומדאַנקבאַרען, אומפאַרמייד־ליכען קאַמף וואָס יעדער אמת'ער קינסטלער מוז מיט דער וועלט אָנפיהרען, שטענדיג, ניט אוועקלייגענדיג דאָס געוועהר אויף א טאָג אפילו, ביז דעם לעצטען אָטעם־צוג. ווי שילער האָט געזאָגט: „די איינציגע באַציהונג צום פובליקום אויף וועלכער מ'האָט קיינמאָל קיין חרטה ניט — איז דער קאַמף."

קריסטאָף איז געווען אַזוי אומגעדולדיג, אַז ער האָט זיך קוים גענומען די צייט אוועקצולעגען דאָס רענצעל אין א האָטעל נעבען וואָקזאַל. אָהן אָטעם איז ער געלאָפען צום טעאַטער אויסצוגעפינען האַסלער'ס אדרעס. האַסלער האָט געוואוינט ווייט פונ'ם צענטער פון דער שטאָט: זיין וואוי־נונג איז געווען אין דער פאַרשטאָט. קריסטאָף האָט זיך ארויפגעכאַפּט אויף א טראַמוואַי, און האָט פאַהרענדיג גע־שמאַק געגעסען א קליין ברויטעל. דאָס האַרץ האָט איהם געקלאַפּט זיך דערנעהענטערענדיג צום ציעל.

די געגענד וואו האָסלער האָט זיך אויסגעקליבן זיין וואוינונג איז כמעט אין גאַנצן געווען פאַרבויט לויט דער נייער מאָדנער אַרכיטעקטור, אין וועלכער דאָס יונגע דייטש־לאַנד וואָס מאַטערט זיך צו האָבן געניאַליטעט, לייגט אַריין איהר רויהע, געקינסטעלטע געלעהרזאַמקייט. אין מיטען פון דער באַנאַלער פאַרשטאָט מיט איהרע גלייכע, כאַראַק־טערלאָזע גאַסען זעהט מען עגיפּטישע פּראַכט־קברים, נאָר־וועגישע שלעסער, קלויסטערס, ערד־פעסטונגען, אויסשטע־לונג־פּאַוויליאָנען, דיק־בייכיגע הייזער אָהן פּיס, וואָס לי־גען איינגעגראָבען אין דער ערד, מיט אָפּגעשטאָרבע־נע פּנים׳ער, מיט איינציג גרויסע אויגען אין די קעפּ, טויע־רען פון תפיסה־קאַמערן, אַנדערע מינים טויערען, אייזערנע רייפען, גאָלדענע קמיאות אריינגעפּאַסט אין די שויבען פון פענסטער מיט גראַטעס, אומגעהייערע מאָנסטערס אויבען ביי די פאָדערשטע טירען, שטיקער בלויע פּאַיאַנס אָנגעוואָר־פען אָהן א שום זין דאָ און דאָרט, פאַרשידען־געפאַרבטע מאָזאיקען, וואָס שטעלען פאָר אָדם און חוה, דעכער באַ־דעקט מיט דאַך־ציגעל אין אַלערליי קאָלירען; הייזער וואָס זעהן אויס ווי פעסטונגען, מיט משונה׳דיגע חיות אויפ׳ן שפּיץ דאַך, אָהן פענסטער אין די זייטיגע ווענט, און פּלוצ־לונג איינע נעבען די אַנדערע, גרויסע גענעצענדיגע לעכער — פיער־קאַנטיגע, לאַנגע, דריי־קאַנטיגע, ווי אויפגעריסענע וואונדען; גרויסע, לעדיגע ווענט פון וועלכע עס שפּרינגט ווי פּלוצלונג ארויס א שווערער באַלקאָן מיט אַן איין־איינ־ציגען פענסטער — א באַלקאָן, וואָס שטעהט אויף ניבעלונ־גענע זיילען, און פון וואַנען עס שטעקען ארויס, דורכברע־כענדיג די שטיינערנע פאַרענטשע, צוויי גרויסע, שפּיציגע קעפּ פון זקנים, מיט גרויסע בערד און לאַנגע האָר — בעק־

לינ'ס פיגורען פון האלב־מענש און האלב־פיש. אויף דער פאדערשטער זייט פון איינע פון די תפיסות — א נידעריי־נער, איינשטאַקיגער, עניפּטישער פּאַלאַץ מיט גרויסע נאקע־טע ריעזען ביים אריינגאַנג — איז געווען אנגעשריבען פונ'ם ארכיטעקט:

„זאָל דער קינסטלער ווייזען זיין וועלט,

דאָס וואָס איז ניט געווען און וועט קיינמאָל ניט זיין."

קריסטאָף איז אין גאַנצען געווען אריינגעטאָן אין דעם געדאַנק צו זעהן האַסלער'ן און האט געקוקט אויף אַלץ מיט פאַרוואונדערטע אויגען, ניט פּרוואוועגדיג אפילו דאָס פאַר־שטעהן. ער איז צוגעקומען צום הויז וואָס ער האט געזוכט — אן איינפאַך הויז, געבויט אין קאַראָלינגישען סטיל. איינ־וועניג האט געהערשט א באַלעבאַטישער, באַנאַלער לוקסוס; אויף די טרעפּ האט זיך געפיהלט א שווערע כמעט שטיקענ־דע ווארעמקייט, נעבען די שטיגען איז געווען אן עלעקטריש הייב־צימערעל, מיט וועלכען קריסטאָף האט זיך ניט באַ־נוצט, כדי ער זאָל האבען צייט זיך צו צוגרייטען צום באַזוך בעת'ן לאַנגזאַמען ארויפגעהן ביז צום פערטען שטאָק, מיט ציטערענדע פיס און א קלאַפּענדיג הארץ. און אין דער קור־צער צייט האט ער זיך דערמאָנט אן דער אמאָליגער באַגע־געניש מיט האַסלער'ן, זיין קינדערשען ענטוזיאזם, זיין זיי־דענ'ס געשטאַלט — אַלץ, פונקט ווי עס וואָלט ערשט נעכ־טען געווען.

דער זייגער איז שוין געווען באַלד עלף ווען ער האט אנגעקלונגען. א ברונעטקע מיט א פרעכען אויסזעהן האט איהם געעפענט די טיר — א ברונעטקע אלא „ס ע ר ו ו א פּ א ד ר א נ א", — איהם אנגעקוקט חוצפּה'דיג, און איהם צו ערשט ערקלערט אז „דער הער קאָן קיינעם ניט אויפ־

נעהמען ווייל ער איז מיעד". קריסטאף האט דערפון אזוי ענטוישט אויסגעזעהן, אז דאס האט זי, הפנים, אמוזירט. דאן האט זי איהם גענומען פארזיכטיג באקוקען פון קאפ ביז די פיס און איז פלוצלונג ווייכער געווארען. זי האט קריס־טאף'ן אריינגעפיהרט אין האסלער'ס קאבינעט און געזאגט, אז זי געהט זעהן הערן האסלער און זיך באמיהען ער זאל איהם אויפנעהמען. דערביי האט זי איהם כיטרע צוגעוואונ־קען און פארמאכט די טיר.

אויף די ווענט זיינען געווען אויפגעהאנגען עטליכע אימפרעסיאניסטישע בילדער און א פאר „גאלאנטע" גרא־ווירען פונ'ם אכטצעהנטען יאהרהונדערט: ווארום האסלער האט פרעטענדירט צו זיין א מבין אין אלע צווייגען פון קונסט, און לויט זיין געשמאק און די מיינונגען פון זיינע פארעהער, — זיינען מאנא און וואטא געווען א גוטע פאר. דעם זעלבען געמישטען סטיל האט מען אויך געזעהן אי די מעבעל — א זעהר שעהנער שרייב־טיש אין סטיל פון לואי דעם דרייצעהנטען, ארום וועלכען עס זיינען געשטאנען שטור־לען פון „נייען סטיל", און אן אריענטאלישער דיוואן, אנגע־ווארפען מיט א גאנצען הויפען פיעל־פארביגע קישעלאך. די טירען זיינען געווען באצירט מיט שפיגלען, יאפאנעזישע בריק־א־בראק, פארשיעדענע מינים אנטיקען זיינען געלעגען אין די גלעזערנע שאפקאלאך, און אויף דעם קאמין־איבער־דעק איז פאראדנע געשטאנען א ביוסט פון האסלער'ן. אין א וואזע, אויף א קליין טישעלע איז געלעגען אנגעווארפען א גרויסע צאהל בילדער פון זינגערינס, פארעהרערינס און פריינד מיט וויציגע אדער ענטוזיאסטישע באמערקונגען. א שרעקליכע אומארדנונג האט געהערשט אויפ'ן שרייב־טיש. די פיאנא איז געווען אפען; שטויב איז געלעגען אויף די

שאַפּקאַלאַך און האַלב־פאַרברענטע ציגאַרען האָבן זיך אַר־מעטום געוואַלגערט. קריסטאָף האָט געהערט ווי אַ שטים ברומט אין צווייטען צימער און ווי די דינסט־מיידעל מיט דעם שאַרפען קול ענטפערט אָפּ. ס'האָט אויסגעזעהן אַז האַסלער וויל ניט אַרויסקומען און אַז די מיידעל וויל דוקא ער זאָל זיך באַווייזען. זי האָט זיך ניט געשעהמט איהם צו ענטפערען אין אַ גאַנץ פאַמיליאַרנעם טאָן. איהר קוויטשע־דיג קול האָט זיך דורכגעריסען דורך דער וואַנט. קריסטאָף האָט זיך שלעכט געפיהלט הערענדיג געוויסע באַמערקונגען וואָס זי האָט געמאַכט צו האַסלער'ן. האַסלער'ן האָט עס אָבער ניט געאַרט. פאַרקעהרט: מ'האָט געקאָנט מיינען אַז די העזה'דיגע רייד אַמוזירען איהם. ער האָט ווייטער געבורטשעט, געברומט און צו דער זעלבער צייט ווי הנאה געהאַט מיט איהר זיך צו רייצען. ענדליך האָט קריסטאָף געהערט ווי אַ טיר עפענט זיך און האַסלער שלעפּט, בייזע־רענדיג זיך, די פיס.

ער איז אַריינגעקומען. קריסטאָף'ן האָט אַ קלעם גע־טאָןביים האַרצען. ער האָט איהם דערקענט. הלואי וואָלט ער איהם ניט דערקענט! ס'איז געווען האַסלער, און דאָך ניט ער. ער האָט נאָך אַלץ געהאַט זיין הויכען, ניט־גע־קנייטשען שטערן, זיין גלאַטע געזיכט ווי ביי אַ קינד; ער האָט אָבער פאַר דער צייט פאַרלאָרען זיינע האָר, איז געוואָרען פעט, האָט געקראָגען אַ געלע הויט־פאַרב, האָט אויסגעזעהן ווי פאַרשלאָפען, און האָט געהאַט אַן אַרונטער־הענגענדע אונטערשטע ליפּ, אַ טעמפּע און אָנגעבלאָזענע מויל. די פּלייצעס זיינען ביי איהם געווען איינגעבויגען; די הענט האָט ער געהאַלטען אין די קעשענעס פון זיין צור־געקנעפּעלטען זשילעט, שטעק־שיך האָבן זיך נאָכגעשלעפּט

אויף די פּיס, און די העמד האָט זיך געבלאָזען איבער זיינע ניט אין גאַנצען צוגעשפּילעטע הויזען. ער האָט אָנגעקוקט קריסטאָף'ן מיט פאַרשלאָפענע אויגען וועלכע האָבען זיך ניט רעכט אויפגעעפענט אפילו ווען דער יונגער מאַן האָט ארויסגעשטאַמעלט זיין נאָמען. ער האָט זיך אויטאָמאַטיש פאַרנייגט, אָהן אַ וואָרט, אָנווייזענדיג קריסטאָף'ן אויף אַ שטול, און זיך אליין מיעד אראָפּגעלאָזען מיט אַ זיפץ אויפ'ן דיוואַן, וואו ער האָט אָנגעלעגט ארום זיך קישאלאַך. קריסטאָף האָט איבער גע'חזר'ט:

— איך האָב שוין געהאַט די עהרע... איהר זייט אַזוי גוט געווען... איך בין קריסטאָף קראַפט...

האַסלער, ליגענדיג אויפ'ן דיוואַן, מיט די לאַנגע פיס איינע איבער די אַנדערע, מיט די מאָגערע, צונויפגעלעגטע הענט איבער דער רעכטער קניה וואָס האָט איהם דערגרייכט ביז צו דער באָרד — האָט איהם געענטפערט:

— כ'געדענק ניט!

קריסטאָף האָט איהם מיט אַ פאַרשטיקטען האַלז געפרואווט דערמאָנען זייער אַמאָליגע באַגעגעניש. — קריסטאָף'ן איז אַלע מאָל שווער געווען צו ריידען וועגען די דאָזיגע אינטימע ערינערונגען; איצט איז עס פאַר איהם געווען אַ מאַטערניש. ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין די פראַזען, ניט געפונען די פּאַסיגע ווערטער, געזאָגט נאַרישע זאַכען פון וועלכע ער איז רויט געוואָרען. האַסלער האָט איהם געלאָזט זיך ווייטער פּלאָנטערען און געקוקט אויף איהם מיט זיינע פאַרכמארעטע, גלייכגילטיגע אויגען. ווען קריסטאָף האָט פאַרענדיגט ריידען, האָט זיך האַסלער אַ צייט נאָך זיך געוויגט מיט זיין קניה, ווי וואַרטענדיג אַז קריסטאָף זאָל פאָרטזעצען. דאַן האָט ער געזאָגט:

— יאַ... דאָס אַלץ מאַכט אונז אודאי ניט אינגער...

ער האָט זיך אויסגעצויגען, אויסגעגענעצט און צוגע־לעגט:

— ענטשולדיגט... כ'בין ניט געשלאָפען... געזעסען שפּעט ביי דער נאַכט אין טעאַטער...

און ער האָט ווידער געגענעצט.

קריסטאָף האָט געהאָפט אַז האסלער וועט מאַכען וועל־כע עס איז באַמערקונג וועגען דעם וואָס ער האָט איהם אַקאָרשט דערצעהלט. האסלער'ן האָט אָבער די גאַנצע גע־שיכטע אויף אַ האָר ניט אינטערעסירט און ער האָט דערי־בער גאָרניט געזאָגט. ער האָט אפילו קיין איינציגע פראַגע ניט געשטעלט קריסטאָף'ן וועגען זיין לעבען. ווען ער האָט זיך גוט אויסגעגענעצט האָט ער איהם געפרעגט:

— שוין לאַנג אַז איהר זייט אין בערלין?

— איך בין היינט פריהמאָרגען אָנגעקומען.

— אַזוי! האָט האסלער מיט אַ גלייכגילטיגער מינע, אויסגערופען — אין וועלכען האָטעל?

ער האָט זיך אפילו ווי ניט צוגעהערט צום ענטפער. ער האָט זיך, אַ מיעדער, אויפגעהויבען, אויסגעשטרעקט די האַנט צום עלעקטרישען קנעפּעל און אָנגעקלונגען.

— ערלויבט מיר, — האָט ער געזאָגט.

די קליינע דינסט־מיידעל איז אריינגעקומען מיט איהר פרעכען פּנים'על.

— קיטי, האָט ער אויסגערופען, — זאָג מיר נאַר, האָסט אפשר בדעה מיר ניט צו געבען מיין פריהשטיק היינט?

— וואָס־זשע רעכענט איהר, — איך וועל אייך ברענ־

גען עסען אהער, בעת איהר האָט א גאַסט?

פאַרוואָס ניט? — האָט ער א מאַך געטאָן מיט'ן האַנט, אַנווייזענדיג אויף קריסטאָף'ן מיט אַן איראָנישען וואונק — ער שפּייזט מיר דעם גאַסט; איך מוז שפּייזען דעם גוף.

— שעהמט איהר זיך גאָר ניט אַז אַנדערע זאָלען צו־קוקען ווי איהר עסט — ווי א חיה אין א מענאַזשעריע?

האָסלער, האָט אַנשטאָט ברוגז צו ווערען, אַנגעהויבען לאַכען און איהר פאַריכט:

— ווי א הויזליכע חיה...

— ברעננ, ברעננ, נישט קשה, כ'וועל דאָס עסען מיט חרפּה צוזאַמען.

זי איז ארויסגעגאַנגען, ציהענדיג די אַקסלען. קריסטאָף, זעהענדיג אַז האָסלער זוכט גאָרניט זיך נאָכצופרעגען וואָס ער טוט, — האָט געפּרואווט אויפ'ס ניי פאַרבינדען דעם פריהערדיגען שמועס. ער האָט גערעדט פון דעם שווערען לעבען אין דער פּראָווינץ, פון דער קליינליכער מיטעלמעסיג־קייט פונ'ם עולם, פון זיין שמאָלזיניגקייט, פון זיין אייגענער אָפּגעזונדערטקייט. ער האָט איהם אויך געפּרואווט פאַראינ־טערעסירען אין זיין געדריקטער מאָראַלישער לאַגע. האָסלער איז אָבער געזעסען אויפ'ן דיוואָן מיט'ן קאָפּ פאַרלעגט, מיט די אויגען האַלב־פאַרמאַכטע, איהם געלאָזט ריידען און, ווי ס'האָט אויסגעזעהן, זיך ניט צוגעהערט. צייטענווייז האָט ער אויפגעמאַכט די אויגען, און אריינגעוואָרפען א קאַלטע, וויציג־איראָנישע באַמערקונג איבער דער פּראָווינץ, וואָס האָט צונישט־געמאַכט קריסטאָף'ס פאַרזוך צו ריידען אויף אַן אינטימערען שטייגער.

קיטי איז צוריקגעקומען מיט א טאַץ, אויף וועלכען

ס'איז געווען דער פּריהשטיק: קאַווע, פּוטער, שינקען און אַז. וו. זי האָט נאָך אַ אַנגעבלאָזענע, עס אָוועקגעשטעלט אויפ'ן שרייב־טיש צווישען אַלע צואָוואָרפענע פּאַפּירען. קריסטאָף האָט געוואַרט אַז זי זאָל ארויסגעהן כדי ווייטער פאָרצוזע־צען די טרויעריגע געשיכטע זיינע, וואָס ס'איז איהם אַזוי שווער אַנגעקומען צו דערצעהלען.

האַסלער האָט צו זיך צוגעשלעפּט דעם טאַץ. ער האָט זיך אַנגעגאָסען די קאַווע און איינגענעצט די ליפּען; — דאַן, פאַמיליאַרנע, גוטמוטיג און מיט אַ לייכטער פערעכטליכער מינע, האָט ער קריסטאָף'ן איבערגעהאַקט די רייד כדי איהם אַנצובאָטען קאַווע.

— אַ טאָס קאַווע? — האָט ער געפרעגט.

קריסטאָף האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך ווידער אַנגעשטרענגט צוריקצובּרענגען דעם געשפּרעך. ער איז אָבער וואָס אַמאָל מעהר צוטומעלט געוואָרען און ניט גע־וואוסט וואָס ער זאָגט. דאָס גאַנצע בילד ווי האַלסער עסט, ווי ער האַלט דאָס טעלערעל אונטער דער באָרד, ווי ער שטאָפּט זיך, ווי אַ קינד, מיט דעם ברויט און פּוטער און די שטיקלאָך שינקען וואָס ער האָט געהאַלטען אין דער האַנט— האָט איהם צומישט. ס'האָט זיך איהם דאָך ענדליך איינגע־געגעבען צו דערצעהלען, אַז ער קאָמפּאָנירט. און אַז האַסלער האָט געשפּיעלט זיינע אַן אוּאווערטיורע איבער העבעל'ס „יהודית“. האַסלער האָט קוים געהערט:

— וואָס? — האָט ער געפרעגט.

קריסטאָף האָט נאָך אַמאָל געזאָגט דעם נאָמען פונ'ם ווערק.

— אַ ך! ז אַ, ז אַ! — האָט האַסלער געענטפערט

איינטונקענדיג זיין באַפּוטערטע ברויט מיט די פינגער אין דער טאַסע קאַווע.

און מעהר קיין איין וואָרט ניט.

קריסטאָף איז געבליבען א דערשלאָגענער. ער האָט זיך געוואָלט אויפהויבען און אוועקגעהן; ער האָט זיך אָבער דערמאָנט אַן דער ווייטער אומזיסטער נסיעה, וואָס ער האָט געמאַכט און, זיך אָננעהמענדיג מיט מוט, האָט ער שטאַמלענדיג, געפרעגט האַסלער'ן: צו ער וועט וועלען הערען וועלכע עס איז פון זיינע קאָמפּאָזיציעס? ביי די ערשטע ווערטער האָט איהם האַסלער אונטערבראָכען:

— ניין, ניין. איך פאַרשטעה גאָרניט, — האָט ער אויסגערופען מיט זיין שטיפערישער, כמעט באַליידיגענדער איראָניע. — אויף דעם האָב איך ניט קיין צייט.

קריסטאָף'ן האָבען זיך געשטעלט טרערען אין די אויגען. ער האָט זיך אָבער קומענדיג אהין געשוואָרען ניט ארויסצוגעהן פון דאָרט ביז ער וועט ניט הערען האַסלער'ס מיינונג וועגען זיין מוזיק. ער האָט איהם געענטפערט פאַרשעהמט און מיט כעס.

— זייט מיר מוחל. איהר האָט מיר אמאָל צוגעזאָגט מיך צו הערען. איך בין צוליעב דעם געקומען פון א צווייטען עק פון דייטשלאַנד: איהר מוזט מיך אויסהערען.

האַסלער איז ניט צוגעוואוינט געוועזן מ'זאָל מיט איהם אַזוי ריידען; ער האָט געקוקט אויף דעם שעמעוודיגען, אויפגערעגטען, רויט־געוואָרענעם און כמעט וויינענדיגען יונגעז־מאַן. די זאַך האָט איהם אמוזירט; און ציהענדיג מיעד מיט די אַקסלען, האָט ער איהם אָנגעוויזען מיט'ן פינגער אויף די פּיאַנאָ, און געזאָגט מיט א קאָמישער מינע, ווי א מענש וואָס מוז אָפּקומען:

— אויב אַזוי !.. שפּיעלט־זשע !..

דערבײַ האָט ער זיך אוועקגעלעגט אויפ'ן דיוואַן. ווי איינער וואָס וויל כאַפּען אַ דרעמעל, אויסגעקלאַפּט די קי־שאַלאַך מיט די פויסטען, זיי אוועקגעלעגט אונטער די אוים־געשטרעקטע אָרעמס, צוגעמאַכט אביסעל די אויגען, זיי אויף אַ רגע אויפגעמאַכט צו זעהן ווי פיעל בויגענס מוזיק קריס־טאָף האָט ארויסגענומען פון די קעשענעס, לייכט אָפּגעזיפ־צעט און זיך צוגעגרייט, מיט אַ לאַנגווייליגער מינע צו הע־רען.

אַ פאַרשעהמטער און אַנגעוועהטאָגטער האָט קריסטאָף אָנגעהויבען צו שפּיעלען. האסלער האָט באַלד אויפגעעפענט מויל און אויערען, מיט דעם געוועהנליכען פּראָפעסיאָנעלען אינטערעס וואָס יעדער קינסטלער פיהלט, ניט ווילענדיג, צו אַ שעהנע זאַך. צוערשט האָט ער גאָרניט געזאָגט, און איז געבליבען שטיל, אומבאַוועגליך ; זיינע אויגען זיינען אָבער געוואָרען ליכטיגער און די אָנגעבלאָזענע ליפּען האָבען זיך גענומען ריהרען. דאַן האָט ער זיך אין גאַנצען אויפגעכאַפּט און ברומענדיג אויסגעדריקט זיין פּאַרוואונדערונג און הסכמה. ער האָט פון צייט צו צייט ארויסגעלאָזען אַ מור־מלענדיגען אויסרוף, אָבער נאָכ'ן טאָן האָט מען ניט געקאָנט צווייפלען אַן זיינע געפיהלען, און קריסטאָף האָט דערפון דער־פיהלט אין אומענדליכע פרייד אין הארצען. האסלער האָט פאַרגעסען צו צעהלען די צאָהל זייטלאַך וואָס ער האָט שוין געשפּיעלט און וואָס זיינען איהם נאָך פאַרבליבען צו שפּיע־לען. ווען קריסטאָף האָט געענדיגט דאָס שטיק, האָט ער געזאָגט :

— נו, ווייטער !.. ווייטער !..

ער האָט אָנגעהויבען צו געברויכען אַ מענשליכע שפּראַך

— גוט! גוט!.. (האָט ער אויסגערופען) אויסגעצייכענט!.. שרעקליך פאַמאַז!.. צום טייוועל! (האָט ער געקרומט שטאַרק ערשטוינט) וואָס איז דאָס?

ער איז שוין יעצט געזעסען, מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ, געבלאָזען מיט די הענט, גערעדט צו זיך און געלאַכט פון צופרידענהייט, און ארויסגעשטעקט דעם צונג, ווי זיך צו באַלעקען די ליפּען ביי געוויסע שטעלען וואו די האַר־מאָניע איז געווען אַן אייגענאַרטיגע. א געוויסע אומערוואַר־טעטע מאָדולאַציע האָט אויף איהם געהאַט אזא ווירקונג, אַז ער איז פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען מיט אויסגעשריי און זיך געקומען אוועקזעצען ביי דער פּיאַנאָ, נעבען קריסטאָף׳ן. ער האָט ווי פאַרגעסען אַז קריסטאָף איז דאָרט. ער האָט נאָר געטראַכט פון דער מוזיק, און ווי דאָס שטיק איז אָפּ־געשפּיעלט געוואָרען האָט ער געכאַפּט דאָס העפט, זיך גע־נומען איבערלעזען די זייט און דאַן די ווייטערדיגע זייטען, און ווייטער ווי צו זיך אליין אויסגעדריקט זיין באַוואונדע־רונג און איבעראשונג, אזוי ווי ער וואָלט געווען גאַנץ אליין אין צימער.

— צום טייוועל!.. (האָט ער אויסגערופען) וואו האָט דער חברה׳־מאַן דאָס דערטאַפּט?

אוועקשטופּענדיג קריסטאָף׳ן מיט׳ן אקסעל, האָט ער אליין געשפּיעלט עטליכע פּאַסאַזשען. די פּיאַנאָ־מוזיק איז אונטער זיינע פינגער געוואָרען רייצענדיג, לאַסשטענדיג און ליבּט. קריסטאָף האָט באַמערקט זיינע איידעלע לאַנגע, גוט־אויפגעפּאַסטע, אויסגעצעהרטע אריסטאָקראַטישע פינ־גער, וועלכע זיינען געווען אין ווידערשפּרוך מיט זיין קער־פּערליכען אויסזעהן. האסלער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי געוויסע אַקאָרדען, זיי נאָכאַמאָל געשפּיעלט, צוגעוואונקען

מיט'ן אויג און געקנאַקט מיט דעם צונג; ער האָט אונטער־געברומט מיט די ליפּען, נאָכמאַכענדיג דעם אָפּקלאַנג פון פאַרשידענע אינסטרומענטען, און פון צייט צו צייט בעת'ן שפּיעלען, אויסגעשריען. עס האָט זיך אין דעם געפיהלט אי פאַרגעניגען אי פאַרדרוס. ניט ווילענדיג האָט אין איהם געשטרייט א פאַרבאָרגענע אויפרעגונג, — א מין קנאה, כאָטש ער האָט צו דער זעלבער צייט שטאַרק הנאה געהאַט.

כאָטש ער האָט ווייטער צו זיך אליין גערעדט, אַזוי ווי קריסטאָף וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען, — האָט אָבער קריסטאָף — רויט פון פרייד — געוואוסט אַז האָסלער מיינט איהם, און איהם ערקלעהרט וואָס ער האָט איינגענטליך מיט דער מוזיק געוואָלט זאָגען. האָסלער האָט זיך צו ערשט ווי ניט צוגעהערט, און ווייטער געטראַכט און גערעדט אויפ'ן קול; דאַן זיינען איהם אָבער געוויסע זאַכען וואָס קריסטאָף האָט געזאָגט אויפגעפאַלען, און ער איז שטיל געבליבען, אַלץ קוקענדיג אויפ'ן העפט מוזיק וואָס ער האָט געבלעטערט, און זיך צוגעהערט כאָטש ער האָט זיך כלומרשט ניט געוואָלט צוהערען. קריסטאָף פון זיין זייט איז ביסלעכ־ווייז לעבעדיגער געוואָרען, און צום סוף האָט ער זיך אין גאַנצען געפיהלט אין א צוטרויליכער שטימונג. ער האָט גערעדט מיט א נאַיווען ענטוזיאַזם פון זיינע פּלענער און פון זיין לעבען.

האָסלער האָט געשוויגען: ער האָט זיך צוגעהערט און די איראָניע האָט זיך איהם ווידער אריינגעכאַפּט אין האַר־צען. ער האָט קריסטאָף'ן געלאָזט ארויסנעהמען פון זיינע הענט דאָס העפט מוזיק; מיט'ן עלענבויגען אָנגעשפּאַרט אויף דער פּיאַנאָ און מיט דעם שטערען אַז דער האַנט, האָט ער געקוקט אויף קריסטאָף'ן, וואָס האָט גערעדט וועגען זיין

ווערק מיט יוגענדליכער אויפרעגונג און וואַרעמקייט. און ער האָט ביטער געשמייכעלט, טראַכטענדיג פון דעם אָנפאַנג פון זיין אייגענער קאַריערע; פון זיינע ערשטע האָפענונגען, פון קריסטאָף'ס האָפענונגען, און פון די ענטוישונגען וואָס ערוואַרטען איהם.

קריסטאָף האָט גערעדט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען. ער האָט ווי מורא געהאַט, אַז ער פאַרלירט דעם פאָדים פון זיינע געדאַנקען. האַסלער'ס שטילשווייגען האָט איהם אָבער ער־מוטיגט. ער האָט געפיהלט אַז ער קוקט אויף איהם, אַז ער פאַרלירט ניט קיין איינציג וואָרט זיינס, אַז דאָס אייז צווי־שען זיי איז געבראָכען — און קריסטאָף'ס האַרץ האָט גע־שטראַהלט מיט פרייד. ווען ער האָט אָפּגערעדט האָט ער שעמעוודיג — און אויך מיט צוטרויען — אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אָנגעקוקט האַסלער'ן. זיין אינערליכער קוואַל מיט פרייד איז, פּלוצלונג, ווי א צו יונג פויגעלע, פאַרפראָרען געוואָרען, ווען ער האָט געזעהן די פאַרכמאַרעטע, בייזע, אָפּלאַכענדיגע אויגען וואָס האָבען אויף איהם געקוקט. ער איז אַנטשוויגען געוואָרען.

א שניידענד־קאַלטע פּאַוזע איז אוועק, און האַסלער האָט אָנגעהויבען ריידען מיט א טרוקענע שטים. ער האָט זיך אויפ'ס ניי געביטען: ער האָט אָנגענומען א מין שטרענ־גע, שאַרפע שטעלונג צום יונגען־מאַן; מיט א גרויזאַמען טאָן האָט ער גענומען אָפּלאַכען פון זיינע פּלענער, פון זיינע האָ־פענונגען אויף ערפאָלג — פונקט ווי ער וואָלט פון זיך אליין אָפּגעלאַכט, וואָרום אין קריסטאָף'ן האָט ער זיך אליין געזעהן. קאַלטבלוטיג, עקשנות'דיג האָט ער צוטראָטען זיין גלויבען אין דעם לעבען, אין דער קונסט, אין זיך אַליין. מיט ביטערניש האָט ער זיך אליין גענומען אלס ביישפּיעל און

גערעדט פון זיינע הייגטיגע ווערק אויף באַליידיגענדען שטיי־נער.

— שווייגערייען! האָט ער געזאָגט. דאָס וואָס חזרים דאַרפען. גלויבט איהר אַז ס'זייגען אפילו פאַראַן צעהן מענ־שען אויף דער וועלט וואָס זאָלען ליעב האָבען די מוזיק? איז דען פאַראַן אפילו איינער?

— איך! איך האָב זי ליעב! האָט קריסטאָף שטור־מיש אויסגערופען.

— איהר וועט ווערען ווי אַלע אַנדערע. איהר וועט האַנדלען ווי די אַנדערע. איהר וועט וועלען ווערען ערפאָלג־רייך, זיך אַמוזירען... ווי די אַנדערע... און איהר וועט האָ־בען רעכט...

קריסטאָף האָט געפּרואווט פּראָטעסטירען; האַסלער האָט איהם אָבער איבערגעהאַקט די רייד און, נעהמענדיג נאָכאַמאָל זיין מוזיק־העפט אין דער האַנט אריין, אָנגעהוי־בען צו שאַרף קריטיקירען דאָס וואָס ער האָט ערשט געלויבט. ניט נאָר האָט ער שאַרף און באַליידיגענדיג קריטיקירט די אמת נאָכלעסיגע שטעלען, די פעהלערען אין טעכניק, געש־מאַק און אויסדרוק וואָס האָבען זיך ביים יונגען קינסטלער ארויסגעכאַפּט, נאָר ער האָט אויך געמאַכט די נאַרישסטע באַ־מערקונגען—באַמערקונגען וואָס האָבען זיך געפּאַסט פאַר די באַגרענעצסטע און הינטערשטעליגסטע מוזיקער, — פאַר די פון וועלכע ער, האַסלער, האָט אַליין געליטען זיין גאַנצען לעבען. ער האָט איהם געפרעגט וואָס פאַר אַ זינען זייגע קאָמפּאָזיציעס האָבען. ער האָט שוין ניט קריטיקירט; ער האָט פּשוט געלייקענט אַזוי, ווי ער וואָלט מיט כעס וועלען אָפּווישען דעם איינדרוק וואָס די מוזיק האָט געגען זיין איי־גענעם ווילען אויף איהם געמאַכט.

קריסטאָף האָט אויפגעשווידערט און ניט געפּרואווט ענטפערען. ווי אזוי האָט ער געקאָנט ענטפערען אויף די נאַרישקייטען, פון וועלכע דעם פּנים האָט איהם געפלאַמט פאַר שאַנד, און וואָס קומען ארויס פונ'ם מויל פון א מענשען וועמען ער האָט געעהרט און ליעב געהאָט? האסלער האָט, איבעריגענס, זיך ניט צוגעהערט צו איהם. — ער איז געשטאַנען ווי א פארגליווערטער מיט'ן פאַרמאַכטען העפט אין דער האַנט, מיט אויסדרוקלאָזע אויגען און איראָניש פאַרקרימטען מויל. ענדליך האָט ער אויסגערופען, אזוי ווי ער וואָלט ווייטער פאַרגעסען אז קריסטאָף שטעהט פאַר איהם:

— אָ! און דאָס ערגסטע, דאָס ביטערסטע איז וואָס ס'איז ניטאָ קיין איין מענש וואָס זאָל דיך פאַרשטעהן!

א ווארימער געפיהל האָט קריסטאָף'ן דורכגענומען; ער האָט זיך פּלוצלונג אויסגעדרעהט, אוועקגעלעגט זיין האַנט אויף האסלער'ס, און מיט א האַרץ אָנגעפילט מיט ליעבע, ווי פריהער געזאָגט:

— איך! איך פאַרשטעה אייך!

האסלער'ס האַנט האָט זיך אָבער ניט געריהרט, און אויב עפּעס האָט יאָ אויפגעציטערט אויף א רגע אין זיין האַרצען פון דעם יוגענדליכען אויסגעשריי, — האָט אָבער קיין ליכט ניט אויפגעשיינט אין די פאַרלאָשענע אויגען וואָס האָבען געקוקט אויף קריסטאָף'ן, די איראָניע און דער עגאָיזם האָבען גענומען די אויבערמאַכט. ער האָט זיך א נייג געטאָן און מיט א צערעמאָניעלער, קאָמישער מינע געזאָגט:

— ס'פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגען.

ער האָט זיך געטראַכט:

— א טובה טוט ער מיר! צוליעב דעם, גלויבסטו, האָב איך מיין לעבען פאַרלאָרען?

ער האָט זיך אויפגעהויבען, אַ וואָרף געטאָן דאָס העפט אויף דער פּיאַנאָ און מיט זיינע לאַנגע, דינע פיס צוריק־געגאַנגען צום דיוואַן אום זיך ווידער אַוועקצולעגען. קריס־טאָף האָט פאַרשטאַנען די פּאָר ווערטער, דערפיהלט די מיאוסע באַליידיגונג, און געפּרואווט ענטפערען מיט שטאָלץ אַז מ׳דאַרף ניט אומבאַדינגט פאַרשטאַנען ווערען פון אַלע־מען, אַז געוויסע איינצעלנע נשמות שטעהן פאַר אַ גאַנץ פאָלק; — זיי דענקען פאַר׳ן פאָלק און וואָס זיי דענקען, מוז דאָס פאָלק דענקען.

האסלער האָט זיך אָבער ניט צוגעהערט. ער איז צו־ריק אַריינגעזונקען אין זיין פריהערדיגען אַפּאַטישען געפיהל, וועלכער איז געוועזען דער רעזולטאַט פון די אָפּגעשוואַכטע לעבענס־כחות וואָס זיינען אין איהם איינגעשלאָפען געוואָ־רען. קריסטאָף איז געוועזען צו געזונט אום צו פאַרשטעהן די פּלוצלונגע ענדערונג; ער האָט אָבער געפיהלט אַז דער שפּיעל איז פאַרלאָרען. — און דאָך, ווייל ער האָט איהם שוין שיעור געוואונען, האָט ער נאָך אַלץ געהאַפּט. ער האָט זיך ווי אַ פאַרצווייפעלטער אָנגעשטרענגט אויפצולעבען האס־לער׳ס אינטערעס. ער האָט ווידער גענומען דאָס מוזיק־העפט און געזוכט איהם צו ערקלערען געוויסע אומרעגעל־מעסיגע שטעלען אויף וועלכע האסלער האָט זיך אָפּגעשטעלט. האסלער איז געזעסען פאַרזונקען אויף דעם דיוואַן און אור־מעטיג געשוויגען; ער האָט ניט באַשטעטיגט און ניט ווי־דערשפּראָכען קריסטאָף׳ס רייד. ער האָט געוואַרט ער זאָל שוין אָפּריידען.

קריסטאָף האָט געזעהן אַז ער האָט דאַ מעהר ניט וואָס

צו טאָן. ער האָט זיך פלוצלונג אין מיטען ריידען אָפּגע־שטעלט. ער האָט צונויפגעדרעהט זיין העפט און זיך אויפ־געהויבען. האַסלער האָט זיך אויך אויפגעהויבען. קריסטאָף, א פארשעהמטער און אַנגעשראָקענער, האָט זיך שטאַמלענדיג ענטשולדיגט. האַסלער האָט זיך לייכט פאַרנייגט מיט א געוויסער שטאָלצער, לאַנגווייליג־פּוסטער ווירדע. ער האָט איהם קאַלט און העפליך דערלאַנגט די האַנט און באַגלייט ביז צו דער טיר, אָהן א וואָרט וואָס זאָל איהם צוריקהאַלטען אָדער איינלאַדען נאָכאַמאָל צו קומען.

קריסטאָף איז אַרוים אויף דער גאַס אַ שרעקליך דער־שלאָגענער. ער איז געגאַנגען וואו די אויגען האָבען איהם געטראָגען. נאָך דעם ווי ער איז אויטאָמאַטיש אָפּגעגאַנגען צוויי דריי גאַסען האָט ער זיך אַרומגעזעהן אַז ער שטעהט ביי דער זעלבער טראַמוויי־סטאַנציע דורך וועלכער ער איז אַנגעקומען. ער האָט ווידער גענומען דעם טראַמוויי, ניט קלערענדיג וואָס ער טוט. ער איז אַנידערגעפאַלען אויף דער באַנק, אַ צובראָכענער. ס'איז איהם אומעגליך געווען צו טראַכטען, צונויפצוקלייבען זיינע געדאַנקען. ער האָט פון גאָרניט געטראַכט, פון גאָרניט ניט געוואָלט טראַכטען. ער האָט מורא געהאַט זיך אַריינצוטראַכטען אין זיך. ער איז געווען לעדיג, פּוסט. ער האָט זיך איהם געדאַכט אַז אַלץ אַרום איהם אין דער שטאָט איז לעדיג, פּוסט. ער האָט ניט געקאָנט אָטעמען: דער נעפּעל, די הייזער האָבען איהם גע־שטיקט. ער האָט געהאַט בלויז איין געדאַנק: אַנטלויפען, אַנטלויפען וואָס שנעלער. — אַזוי ווי ער וואָלט מיט'ן אַנט־לויפען פון דער שטאָט, דאָרט איבערגעלאָזט די ביטערע אַנטוישונג וואָס ער האָט אין איהר איבערגעלעבט.

ער איז צוריקגעגאַנגען צו זיין האָטעל. ס'איז אפילו נאָך ניט געווען האַלב איינס אַ זייגער. ערשט מיט צוויי שטונדען פריהער איז ער אַנגעקומען — און מיט וואָס פאַר אַ ווארעם, שטראַהלענד הארץ! איצט איז דאָרט געווען קאַלט, פינסטער.

ער האָט ניט געגעסען. ער איז ניט אַרויפגעגאַנגען אין

זיין צימער. צו אלעמענס ערשטוינונג האט ער פארלאנגט זיין רעכנונג, באצאהלט אזוי, ווי ער וואלט דארט איבער־גענעכטיגט און געזאגט אז ער פאהרט שוין. אומזיסט האט מען איהם ערקלעהרט אז ער האט זיך ניט וואס צו איילען, ווייל דער צוג וועלכען ער וויל נעהמען, געהט ערשט אפ אין עטליכע שטונדען ארום און ער זאל בעסער אפווארטען אין האטעל. ער אבער האט שוין געוואלט געהן צום וואקזאל: ער איז געווען ווי א קינד; ער האט געוואלט נעהמען דעם ערשטען צוג, אבי וואס פאר א צוג, נאר ניט צו פארבלייבען דא אן איבעריגע רגע. נאך דער גאנצער, לאנגער נסיעה, מיט די אלע הוצאות וואס ס'האט איהם געקאסט צו קומען, — כאטש געוואלט זעהן האט ער דארט ניט נאר האסלער'ן, נאר אויך די מוזעאומס, און דערצו האט ער אויך גערעכענט צו הערען עטליכע קאנצערטען און מאכען געוויסע באקאנט־שאפטען — איז איהם איצט געבליבען נאר איין געדאנק אין קאפ: — אוועקפאהרען...

ער איז געקומען צום וואקזאל. זיין צוג האט, לויט ווי מ'האט איהם געזאגט, ערשט געדארפט אפפאהרען אין דריי שטונדען ארום. דערצו נאך איז יענער צוג ניט געווען קיין שנעל־צוג — (ווארום קריסטאף האט געמוזט פאהרען מיט'ן דריטען קלאס) און האט זיך געדארפט אפשטעלען אויפ'ן וועג. קריסטאף האט געקאנט בעסער פאהרען מיט א צוג צוויי שעה שפעטער און דעריאגען דעם ערשטען. דאס האט אבער געהייסען פארבלייבען נאך צוויי שטונדען דא און דאס האט קריסטאף ניט געקאנט אויסהאלטען. ער האט אפילו דערווייל ניט געוואלט ארויסגעהן פון וואקזאל. ער האט געווארט; — דאס לאנגע, טרויעריגע ווארטען אין די גרויסע, רוישיגע און אומעטיגע, און ליידיגע זאלען וואו עס

געהן אריין און ארויס שטענדיג פאַרהאַוועטע, לויפענדיגע
פרעמדע, גאַנץ־פרעמדע, גלייכגילטיגע שאָטענס, וואו מ׳קען
קיינעם ניט, וואו מ׳טרעפט ניט קיין פריינד. דער פאַרנעפּעל־
טער טאָג איז אָפּגעשטאָרבען. די פון טומאַן איינגעוויקעל־
טע עלעקטרישע לאָמפּען האָבען אויפגעלייכט דורך דער
נאַכט און זי נאָך געמאַכט ווי פינסטערער. קריסטאָף, וואָס
אַמאָל אומעטיגער, האָט מיט א פיינליכען געפיהל געוואַרט
אויפ׳ן מאָמענט אָפּצופאָהרען. יעדע פינף מינוט האָט ער
איבערגעלייענט די באַהן־אַפּישען כדי זיכער זיין אז ער האָט
ניט געמאַכט קיין טעות אין דער צייט. זיי נאָכאמאָל אי־
בערלעזענדיג אלס צייט־פאַרטרייב, פון איין עק צום אַנדע־
רען, איז איהם פלוצלונג דער נאָמען פון א געוויסער שטאָט
אויפגעפאַלען; ס׳האָט זיך איהם געדאַכט אז ער
קען איהר; און אין א ווײלע ארום האָט ער זיך דערמאָנט
אַז דאָרט וואוינט דער אַלטער שולץ, דער מוזיק־דירעקטאָר
וואָס האָט איהם געשריבען אַזעלכע גוטע און ענטוזיאַסטישע
בריעף. אין זיין אָנגעוועהטאָגטער שטימונג איז איהם איינ־
געפאַלען דער געדאַנק צו פאָהרען זעהן דעם אומבאַקאַנטען
פריינד. די שטאָט איז ניט געוועזן אויף זיין וועג אַהיים־
צו; מ׳האָט געדאַרפט מאַכען א צוויי־שטונדיגע רייזע מיט
אַן אָרטיגען צוג. מען האָט געדאַרפט צוויי־דריי מאָל ביי־
טען צוגען און וואַרטען אָהן א שיעור. קריסטאָף האָט דאָס
ניט אויסגערעכענט. ער האָט אויפ׳ן שטעל באַשלאָסען
אַהין צו פאָהרען. ער האָט דערפיהלט אַן אינסטיקטיווע באַ־
דירפניש זיך אָנצוקלאַמערען אַן א מיטפיהלענדען מענשען.
ער האָט זיך ניט געוואָלט נעהמען די צייט די זאַך איבער־
טראַכטען; ער האָט אָנגעשריבען א דעפּעשע און טעלע־
גראַפירט שולץ׳ן אַז ער קומט אַז דעם צווייטען פריה־

מאָרגען. ווי ער האָט נאָר די טעלעגראַמע אָפּגעשיקט האָט איהם שוין באַנג געטאָן. ער האָט זיך מיט א ביטערען געלעכטער פאַרגעוואָרפען זיינע שטענדיגע אילוזיעס. פאַרוואס — האָט ער זיך געטראַכט — זאָל ער געהן זוכען אַן אַנדער ענטווישונג? — ס'איז שוין אָבער געווען פאַרפאַלען; — צו שפּעט צו פאַריכטען דעם פעהלער.

די גערדאַנקען האָבען איהם פאַרנומען די לעצטע שטונדע. — ענדליך איז זיין צוג פאַרטיג געווען צום אָפּפאָהרען. ער איז אריין דער ערשטער; און, אַזוי קינדיש איז ער געווען, אַז ער האָט ערשט אָנגעהויבען רעכט אָפּצואָטעמען ווען דער צוג האָט זיך א ריהר, אַ טרייסעל געטאָן, און ער האָט הינטער זיך דורך דער וואַגאָן־טיר דערזעהן די סילועטען פון דער שטאָט ווי זיי פאַרשווינדען דורך דער פינסטערניש אונטער דעם גרוי־טונקעלען הימעל.

צו דער זעלבער שטונדע — ארום זייגער זעקס אין אבענט — איז א בריעף פון האַסלער'ן אָנגעקומען צו קריסטאָף'ן אין האָטעל. קריסטאָף'ס באַזוך האָט אין איהם דערוועקט און אויפגעריהרט א סך זאַכען. דעם גאַנצען נאָכמיטאָג האָט ער פון זיך געטראַכט מיט ביטערקייט און מיט סימפּאַטיע פון דעם יונגען־מאַן וואָס איז צו איהם געקומען מיט אַזאַ גרויסע ליעבשאַפט, און וועמען ער האָט אויפגענומען אויף אַזאַ אייז־קאַלטען שטייגער. ער האָט זיך דאָס פאַרגעוואָרפען. אין דער אמת'ן איז דאָס פון זיין זייט בלויז געווען איינע פון זיינע געוועהנליכע בייזע אָנגעבלאָזענע שטימונגען. ער האָט עס גערעכנט גוט־צומאַכען, שיקענדיג קריסטאָף'ן א בילעט צו דער אָפּערא און דערמיט, א בריוועל אין וועלכען ער בעט איהם ער זאָל איהם באַגעגענען גלייך נאָך דער פאַרשטעלונג. — קריסטאָף האָט דערפון

נאַרניט געוואוסט. און זעהענדיג אַז ער קומט ניט האָט זיך
האסלער געטראַכט:

— ער איז ברוגז. ס'מעג איהם באַנג טאָן!..

ער האָט אַ ציה געטאָן מיט די אַקסלען און ניט לאַנג
געוואַרט אויף איהם. אויף מאָרגען האָט ער אָן איהם אין
גאַנצען פאַרגעסען.

אויף מאָרגען איז שוין קריסטאָף געווען ווייט פון איהם
— אזוי ווייט אַז די גאַנצע אייבינקייט האָט זיי מעהר ניט
געקאָנט דערנעהענטערען. און אויף אייביג זיינען זיי געבלי־
בען אָפּגעזונדערט איינער פון'ם צווייטען.

פּעטער שולץ איז געווען אַ זקן פון פינף־און־זיבעציג
יאָהר. ער איז שטענדיג געווען אַ שוואַכער און די עלטער
האָט איהם ניט געשאָנעוועט. אַ הויכער, אַ איינגעבויגענער,
מיט דעם קאָפּ אַראָפּהענגענדיג, האָט ער געהאַט אַ קראַנקען
האַלז און שווער געאָטעמט. אַסטמאַ, קאַטאַר, בראָנכיטאָס
האָבען איהם שטענדיג געפּלאַגט און די שפּור פון זיין קאַמף
מיט די קראַנקהייטען — גאַנצע נעכט פּלעגט ער אָפּזיצען
אין בעט מיט'ן קאָפּ און רוקען אָנגעבויגען און באַגאָסען פון
שווייס, אום אַריינצוציהען אַ ביסעל לופט אין זיין שטיקענ־
דיגער ברוסט — איז געלעגען און די טיעפּע קנייטשען פון
דעם לאַנגען, מאָגערען און ראַזירטען פּנים. די נאָז איז ביי
איהם געווען אַ לאַנגע און אַ ביסעל אַן אָנגעשוואָלענע ביים
שפּיץ. די קנייטשען האָבען זיך געצויגען פון אונטער די
אויגען איבער די אויסגעצעהרטע באַקען ביז אַריבער זיין
מויל אָהן ציין. עלטער און קראַנקהייטען זיינען ניט געווען
די איינציגע וואָס האָבען זיין גוף אונטערגעגראָבען; דער
צער פון לעבען האָט אין דעם אויך געהאַט זיין חלק. — און
טראָץ דעם אַלעמען איז ער ניט געווען טרויעריג. די גרויסע
רוהיגע מויל האָט אין זיך געהאַט אַן איידעלע, מילדע גוטס־
קייט, און באַזונדערס אין די אויגען איז געלעגען אַ ריהרענ־
דע מילדקייט וואָס האָט באַלייכט זיין אַלטען פּנים. זיי זיי־
נען געווען העל־גרוי, קלאָר און דורכזיכטיג; זיי האָבען גע־
קוקט רוהיג, אָפענהאַרציג און גלייך; זיי האָבען אַנטפּלעקט

די נשמה; אין זייערע טיפּעניישען האָט מען געקאָנט זעהן דעם מענשען.

ער האָט געפיהרט אַן איינפאַך לעבען, אָהן קיין גרויסע געשעהנישען. יאָהרען־לאַנג איז ער געווען איינזאַם, אַליין. זיין פרוי איז געשטאָרבען. זי איז ביים לעבען ניט געווען קיין גוטע, ניט קיין קלוגע און ניט קיין שעהנע. איהר אָנ־דענקען איז איהם אָבער געווען טייער. שוין צוואַנציג יאָהר אַז ער האָט זי פאַרלאָרען, און יעדען אָבענט איידער ער פלעגט איינשלאָפען פלעגט ער אין געדאַנק מיט איהר פאַר־פיהרען אַן אומטיגען, צאַרטען שמועס; זי האָט געהאַט איהר חלק אין זיינע טאָג־טעגליכע באַשעפטיגונגען. — ער האָט ניט געהאַט קיין קינד און דאָס איז געווען דער גרעס־טער צער אין זיין לעבען. זיין אינסטינקטיווע ליעבע צו קינדער האָט ער אָנגעווענדעט אויף זיינע תלמידים צו וועלכע ער איז געווען צוגעבונדען ווי א טאַטע צו זיינע אייגענע קינדער. זיי אָבער האָבען איהם וועניג־וואָס ליעבע צוריק־געשאָנקען. אַן אַלט הארץ קאָן זיך פיהלען שטאַרק נאָהענט צו א יונג הארץ: ער פיהלט א שייכות צווישען ביידע און ווייסט ווי קורץ די יאָהרען זיינען וואָס טיילען זיי אָפּ איינס פון אַנדערען. דער יונגער מענש אָבער פאַרשטעהט דאָס ניט: דער זקן איז פאַר איהם א מענש פון אַן אַנדער צייט, א חוץ דעם איז ער צו פיעל פאַרטאָן מיט די לעבענס־זאַכען און ער דרעהט אינסטינקטיוו אָפּ די אויגען פון דעם אומע־טיגען ענד־ציעל פון אַלע זיינע אָנשטרענגונגען. א טייל תלמידים וועלכע פלעגען געריהרט ווערען פון דעם אַלטען שולץ'ם הארציגען אינטערעס צו אַלץ וואָס איז מיט זיי פאַר־געקומען, — האָבען איהם ארויסגעוויזען אביסעל דאַנקבאַר־קייט. זיי פלעגען איהם קומען זעהן צייטענווייז; זיי פלע־

נען איהם שרייבען, איהם דאַנקען, בעת זיי פלעגען פאַרענ־דיגען זייערע אוניווערסיטעטס־קורסען. אַ טייל פלעגען איהם שרייבען זאָגאַר אַ פּאָר יאָהר נאָך דעם. דאַן פלעגט דער אַלטער שולץ פון זיי ניט מעהר הערען, אַ חוץ דורך די צייטונגען וואָס פלעגען באַריכטען דעם אָדער יענעם ערפאָלג אָדער פאָרשריט; און דאָס פלעגט איהם דערפרייען פונקט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען איהם אַליין. ער איז אויף זיי ניט געווען אין כעס וואָס זיי שרייבען איהם ניט. ער פלעגט דאַרויף געפינען טויזענדע תרוצים. ער האָט ניט געצווייפעלט אַז זיי האָבען איהם האָלט, און צו די ערגסטע עגאָיסטען פלעגט ער צושרייבען די געפיהלען וואָס ער האָט צו זיי געהאָט.

אָבער די גרעסטע טרייסט האָט ער געפונען אין זיינע ביכער: זיי האָבען איהם ניט פאַרגעסען, ניט אָפּגענאַרט. די נשמות וואָס ער האָט אין זיי געפונען און ליעב געהאָט האָ־בען ארויסגעשוועבט פון שטראָם פון דער צייט: זיי האָבען זיך ניט געביטען, און שטענדיג געפונען זייער רוה־אָרט אין דער ליעבע וואָס זיי האָבען דערוועקט אין אַנדערע, וואָס זיי האָבען ווי עס ווייזט אויס אַליין דורכגעלעבט, און אויך אָפּגעשטראַהלט אויף די וואָס האָבען זיי ליעב. ער איז גע־ווען פּראָפעסאָר פון עסטעטיק און מוזיק־געשיכטע און האָט ווי אַן אַלטער וואַלד אויפגעציטערט פון'ם פויגעל־געזאַנג. אַ טייל פון די ליעדער האָבען אָפּגעקלונגען פון זעהר ווייט: זיי זיינען געווען זיס און געהיימניספול. אַנדערע זיינען איהם געווען נאָהענט באַקאַנט און אינטים — זיי זיינען גע־ווען טייערע חברים; יעדער פראַזע זייערע האָט איהם דער־מאָנט אַן פריידען און ליידען פון זיין פאַרגאַנגענעם לעבען — דאָס באַוואוסטזיניגע און אומבאַוואוסטזיניגע. (וואָרום

אונטער יעדען וואָס ווערט באַלייכט פון דער זון־ליכט אַנט־פּלעקען זיך אַנדערע טעג וואָס ווערען באַלייכט פון אַן אומ־באַקאַנטער ליכט.) — און ס'זיינען געוועזען נאָך אַנדערע וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט און וואָס האָבען געזאָגט אַזוינס אויף וואָס מ'האָט לאַנג געוואַרט, און אין וואָס מ'האָט זיך גענויטיגט: דאָס האַרץ האָט זיך געעפענט דאָס אויפ־צונעהמען פּונקט ווי די ערד נעהמט אויף דעם רעגען. און אַזוי האָט דער אַלטער שולץ זיך צוגעהערט, אין דער שטיל־קייט פון זיין איינזאַמען לעבען צו דעם פויגעל־געזאַנג וואָס האָט אַנגעפילט דעם וואַלד, און פּונקט ווי דער לעגענדאַריי־שער מאַנאַך, וואָס איז אַנטשלאָפען געוואָרען אונטער'ן עקס־טאַז פון דעם צויבער־פויגעל'ס געזאַנג, אַזוי זיינען אויך פאַר איהם די יאָהרען אַוועק און דער אבענט פון לעבען איז אַנגעקומען; און דאָך האָט ער געהאַט דאָס האַרץ פון אַ צוואַנציג־יאָהריגען בחור.

ער האָט ניט נאָר ליעב געהאַט די מוזיק, ער האָט אויך האָלט געהאַט די פּאָעטען: — די אַלטע און די נייע. ער האָט געהאַט אַ באַזונדערע ליעבע צו די פּאָעטען פון זיין לאַנד, דער עיקר, צו געטע; ער האָט אָבער אויך ליעב געהאַט די פּאָעטען פון אַנדערע לענדער. ער איז געווען גע־בילדעט און געלעזען אין איינינע שפּראַכען. ער איז גייסטיג געווען אַ צייט־גענאָסע פון העררער'ן און פון אַנדערע גרויסע וועלט־בירגער פון ענדע פון אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט. ער האָט דורכגעלעבט די שווערע קאַמף־יאָהרען פון פאַר און נאָך די זיבעציגער יאָהרען, אַ פּאַרטיפּטער אין זייער גרויסען אידעאַל. און כאָטש ער האָט פאַרגעטערט דייטשלאַנד, האָט דאָס איהם ניט געטריבען צו קיין נאַרישען שטאָלץ. ער האָט געגלויבט העררער'ן אַז „צ ו ו י ש ע ן א ל ע נ א ר י ש־

שטאָלצע איז דער וואָס שטאָלצירט־
נאַריש מיט זיין נאַציאָנאַליטעט,
דער גרעסטער נאַר". און מיט שילער'ן אַז
„דער אידעאַל צו שרייבען נאָר פאַר
איין פאָלק מוז באמת זיין א גאַנץ
שוואַכער". זיין גייסט איז אַמאָל געווען באַגרענעצט,
שרעקענדיג; אָבער זיין האַרץ איז געווען ברייט און גרייט מיט
ליעבע אויפצונעהמען אַלץ וואָס איז שעהן אויף דער וועלט.
אפשר איז ער ניט געווען גענוג שטרענג צו דער קליינליכער
מיטעלמעסיגקייט; זיין אינסטינקט האָט אָבער גוט פאַר־
שטאַנען דאָס בעסערע; און אויב ער האָט ניט געהאַט די
קראַפט צו פאַרדאַמען די פאַלשע קינסטלער וועמען די
עפענטליכע מיינונג האָט באַוואונדערט, האָט ער אָבער שטענ־
דיג געהאַט די קראַפט צו באַשיצען די אָריגינעלע, שטאַרקע
קינסטלער, וועמען די עפענטליכע מיינונג האָט שלעכט פאַר־
שטאַנען. זיין גוטסקייט האָט איהם אָפט אָפּגענאַרט: ער
האָט געציטערט צו באַגעהן אַן אומגערעכטע טאַט און ווען
ער האָט ניט ליעב געהאַט דאָס וואָס אַנדערע האָבען געשעצט
האָט ער געצווייפעלט אין זיך און גערעכענט אַז ער האָט א
טעות. — און סוף כל סוף האָט ער עס ליעב געקראָגען.
ער האָט אַזאַ האַרציגע פרייד געהאַט פונ'ם ליעבען! ליעבע
און באַוואונדערונג זיינען פאַר זיין מאָראַליש לעבען געווען
מעהר נייטיג ווי לופט פאַר זיין קראַנקע ברוסט. און ס'אַרא
דאַנקבאַרקייט ער האָט דערפאַר געפיהלט צו די וואָס האָבען
איהם געגעבען א נייע געלעגענהייט זיי דורכצולעבען. —
קריסטאָף האָט גאָרניט געקאָנט וויסען וואָס זיינע ליע־
דער זיינען פאַר שולץ'ן געווען. ער האָט זיי אַליין ביים
שאַפען ניט אַזוי שטאַרק דורכגעפיהלט: פאַר קריסטאָף'ן

זיינען די געזאַנגען געווען בלויז א פּאָר פּונקטען וואָס האָבען זיך ארויסגעריסען פון זיין אינערליכען פייער: עטליכע האָבען זיך ארויסגעריסען און נאָך אַנדערע וועלען זיך ארויסרייסען. אָבער פאַר׳ן אַלטען שולץ האָט זיך דערמיט פּלוצלונג אַנטפּלעקט א גאַנצע וועלט — א גאַנצע וועלט צו ליעבען. זיין לעבען איז דערפון באַלייכטערט געוואָרען.

זייט אַ יאָהר צייט האָט ער געמוזט אויפגעבען זיין שטעל אין דער אוניווערסיטעט. זיין געזונט, וואָס איז וואָס אַ מאָל שוואַכער געוואָרען, האָט איהם דערצו געטריבען. ער איז געווען קראַנק און געלעגען צום בעט, ווען דער בוך־הענדלער וואָלף האָט איהם ווי געוועהנליך, צוגעשיקט אַ פּאַקעט מיט די לעצטע מוזיקאַלישע ווערק, וואָס ער האָט ערהאַלטען און צווישען זיי האָבען זיך אויך געפונען קריסטאָף׳ס ל י ע ד ע ר. שולץ האָט זיך געפונען איינער אליין אויף דער וועלט. קיין קרוב אפילו האָט ער ניט געהאַט. דאָס ביסעל משפחה וואָס ער האָט אַמאָל יאָ געהאַט איז שוין לאַנג אויסגעשטאָרבען. אויפגעפּאַסט אויף איהם האָט אַן אַלטע דינעריין, וואָס האָט אויסגענוצט זיין שלאַפקייט און מיט איהם געטאָן וואָס זי האָט געוואָלט. צוויי־דריי פריינד כמעט אין איין עלטער מיט איהם פלעגען איהם קומען זעהן פון צייט צו צייט. זיי זיינען אָבער אויך ניט געווען גאַנץ געזונט און ווען דאָס שלעכטע וועטער פלעגט באַפאַלען, פלעגען זיי אויך בלייבען אין דער היים און וואָס זעלטענער באַזוכען דעם אַלטען פּראָפעסאָר. ס׳איז גראַד דאַמאָלט געווען ווינטער און די גאַסען זיינען געווען באַדעקט מיט צוגעהענדען שניי. שולץ האָט קיינעם ניט געזעהן דעם גאַנצען טאָג. ס׳איז געווען טונקעל אין צימער, אַ געלער נעפּעל האָט זיך, ווי אַ שווערער פאָרהאַנג, פאַרצויגען איבער די פענסטער, און פאַרשטעלט דאָס ליכט. אַ שווערע און דריקענדע היץ האָט זיך געצויגען פון׳ם אויווען. פון דער שכנה׳דיגער קירך, האָט אַן אַלטער גלאָק פון דעם זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט אָפּגע־

קלונגגען, יעדער פערטעל שטונדע מיט א צובראָכען און מורא'-דיג פאַלשען קול, — מאַנאָטאָנע באַר־קלאַנגען, וואָס האָבען מאָדנע געגרילצט אין די אויערען ווען מ'איז אליין אויך ניט געווען זעהר מונטער. דער אַלטער שולץ איז געזעסען אָנ-געשפּאַרט אַן א באַרג קישענס און געהוסט. ער האָט גע-פּרוואווט נאָכאַמאָל איבערלעזען מאָנטיין, ווענען ער האָט ליעב געהאַט. דאָס לעזען האָט איהם אָבער יענעם טאָג ניט פאַרשאַפט דאָס געוועהנליכע פאַרגעניגען. ער האָט אראָפּ-געלאָזט דאָס בוך; ער האָט שווער געאָטעמט, און געטרוימט. דאָס פּעקעל מוזיק איז געלעגען אויפ'ן בעט: ער האָט ניט געהאַט דעם מוט עס צו עפענען; עס איז איהם געווען שטאַרק אומעטיג אויפ'ן הארצען. ענדליך האָט ער אָפּגע-זיפצט, שטאַרק פאַרזיכטיג אויפגעבונדען דאָס שטריקעל, זיך אָנגעטאָן די ברילען און אָנגעהויבען לעזען די פאַרשיידענע שטיקער מוזיק. זיינע געדאַנקען זיינען געווען אַנדערשוואו. זיי האָבען געוואַנדערט און זיך אָפּגעשטעלט אויף אַלטע ערינערונגען וואָס ער האָט געוואָלט פאַרטרייבען.

ער האָט געהאַלטען אין האַנט א העפט מיט קריסטאָף'ס ל י ע ד ע ר. זיין בליק איז געפאַלען אויף אַן אַלט געזאַנג, וועמעס ווערטער זיינען געווען פון א נאַיווען, פרומען דיכ-טער פונ'ם זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט און קריסטאָף האָט צו זיי צוגעפּאַסט מאָדערנע מוזיק. ס'איז געווען דאָס „ק ר י ס ט ל י כ ע  װ א נ ד ע ר ־ ל י ע ד“, פון פּאָול גערהאַרד.

“Hoff, o du arme Selle,
Hoff und Sei unversagt!

— — — — — — — — — — — — — —

Erwarte nur die Zeit
So wirst du schon erblicken,
Die Sonn der schoensten Frend.”

„האף נאר, א עלענדע נשמה
האף נאר און זיי נאר מוטיג,

— — — — — — — — — — — — —

ווארט נאר, ווארט א ביסעל
און דערזעהן וועסטו באלד
די זון פון דער שעהנער פרייד.“

— — — — — — — — — — — — —

דער אלטער שולץ האט געקאנט די נאיוו־הארציגע ווער־טער; זיי האבען אבער קיינמאל ניט אזוי, אזוי... גערעדט צו איהם. ס'איז שוין ניט געווען די שטילע פרומקייט וואס בארוהיגט און שלעפערט איין די נשמה מיט איהר מאנאַ־טאנקייט. ס'איז געווארען א נשמה עהנליך צו זיינער — ס'איז געווארען זיין אייגענע נשמה, נאר א איינגערע, א שטארקערע, וועלכע האט געליטען און געוואלט האפען, גע־וואלט זעהן די פ ר י י ד, — און זי געזעהן. זיינע הענט האבען געציטערט, גרויסע טרערען האבען גערונען אויף זיינע באקען.; ער האט ווייטער געלעזען.

Auf, Auf! Gieb deinem Schmerze
Und Sorgen gute Nacht!
Lass Fahren, was das Herze
Betruebt und traurig macht!

— — — — — — — — — — — — —

אויף אויף! און זאג דיין שמערץ
און זארג, שנעל א גוטע נאכט!
פארטרייב, טרייב פון דעם הארץ
וואס עס טריב און טרויעריג מאכט!

— — — — — — — — — — — — —

קריסטאף האט אין די געדאנקען אריינגעלעגט א יוגענד־ליכע שטארקע ווארעמקייט, און א הערלישער געלעכטער

האָט אָפּגעקלונגען אין די לעצטע פּאַרטרויליכע און נאַיווע פּערזען:

Bist du doch nicht Regente,
Der alles fuehren soll.
Gott sitzt im Regimente
Und fuehret alles wohl.

דו ביסט דאָך ניט קיין הערשער,
און פיהרסט ניט אַלץ אַליין;
נאָר גאָט, ער איז דער הערשער,
און פיהרט די וועלט גאָר שעהן!

— — — — — — — — — — — — —

און ווען ס'איז געקומען די שטאַלצע אויפפאָדערונג, די שטאַרקע סטראָפּע, וואָס ער האָט מיט דער חוצפּה פון א יונגען באַרבאַר רוהיג ארויסגעריסען פון דער אַלטער פּאָעמע און פון איהר געמאַכט דעם שלוס פון זיין ל י ע ד:

Uud ob gleich alle Teufel
Hier wolten widerstehn,
So wird doch ohne Zweifel
Gott nicht Zuruecke gehn.

Was er sich vorgenomnen
Und was er haben will
Das muss doch endlich kommon
Zu seinem Zweck und Ziel.

— — — — — — — — — — — — — —

און ווען אפילו אַלע טייוולען
זאָלען איהם וועלען ווידערשטעהן
ועט גאָט דאָך אָהן שום צווייפעל.
צוריק, — צוריק, אָ ניט געהן.

וואָס ער האָט זיך פאָרגענומען
און וואָס ער, שטענדיג, וויל
דאָס מוז דאָך ענדליך קומען,
דערגרייכען דעם צוועק און ציל.

... דאַן איז דערפון געוואָרען א פרייד־שטורם, א קריעג'ס־באַרוישונג, א טריאומף פון א רוימישען אימפע־ראַטאָר.

דער אַלטער האָט געציטערט מיט'ן גאַנצען קערפּער. ער האָט נאָכגעפאַלגט, מיט א פאַרכאַפּטען אָטעם, די מאַ־יעסטעטישע מוזיק, פּונקט ווי א קינד וואָס ווערט מיטגע־שלעפּט פון א חבר בעת'ן לויפען, און האַלט זיך אָן ביי דער האַנט. דאָס האַרץ האָט איהם געקלאַפּט. טרערען האָבען אַראָפּגערונען. ער האָט געשטאַמעלט:

— אָה! גאָט מיינער!.. גאָט מיינער!

ער האָט גענומען כליפּען, לאַכען: ער האָט זיך גע־פיהלט אויפ'ן זיבעטען הימעל. ס'האָט איהם אָנגעהויבען שטיקען און א שרעקליכער הוסט איז איהם אָנגעפאַלען. סאַלאָמע, די אַלטע דיענסט, איז אַריינגעלאָפען און געמיינט אַז דער אַלטער האַלט ביים שטאַרבען. ער האָט ווייטער געוויינט און געהוסט און איבערגע'חזר'ט:

— אָה! גאָט מיינער!.. גאָט מיינער!..

אין די קורצע פּאַוזעס, וואָס דער הוסט האָט איהם גע־לאָזט אָפּאָטעמען, — אַפּרוהען — האָט זיך א האַרציג קוויט־שעדיג געלעכטערל פון איהם אַרויסגעריסען.

סאַלאָמע האָט גערעכענט אַז ער ווערט משוגע. און ווען זי איז צום סוף דערגאַנגען די אורזאַך פון זיין אויפרע־גונג, האָט זי אויף איהם גענומען שטאַרק שרייען:

— ווי אַזוי ווערט מען דאָס אַזוי צוקאָכט צוליעב אַזא נאַרישקייט!.. גיט עס מיר אַהער! כ'וועל עס אוועקנעה־מען און איהר'ט שוין קיינמאָל אין די אויגען ניט אָנזעהן.

אָבער דער אַלטער האָט זיך פעסט געהאַלטען, כאָטש ער האָט ווייטער געהוסט; ער האָט צו סאַלאָמע געשריען אַז

זי זאָל איהם צורוה לאָזען. אזוי ווי זי האָט אָבער ניט געוואָלט אָפּשטעהן, איז ער אין כעס געוואָרען, געשריען העכער, געזידעלט און שיעור דערבּיי ניט דערשטיקט געוואָרען. זי איז געבּליבען א צושראָקענע, א פאַרוואונדערטע און אָפּגעלאָזט דאָס פּעקעל. זי האָט איהם אָבער גענומען שטרענג מוסר'ן; זי האָט איהם גערופען אַלטער משוגענער און איהם אויך געזאָגט, אַז זי האָט ביז איצט גערעכענט אַז זי האָט צו טאָן מיט אַן אנשטענדיג־ערצויגענעם מענשען. נאָר אַז איצט זעהט זי אַז זי האָט א טעות געהאַט: ער קאָן זידלען ערגער ווי א בּעל־עגלה, און די אויגען האָבען איהם אזוי ארויסגעשטאַרצט פון קאָפּ אַז ווען זיי זיינען מעסערס וואָלטען זיי זי ממש דערשטאָכען... זי וואָלט נאָך געוועזן גע'דרש'עט אזוי א לאַנגע צייט ווען ער וואָלט מיט כעס זיך ניט אויפגעהויבען פון די קישענס און אויסגעשריען צו איהר:

— ארויס! ארויס פון דאַנען!

עס איז געוועזן מיט אַזא באַפעהלענדען טאָן אַז זי איז גלייך אַוועק, א שטאַרקען קלאַפּ טאָענדיג מיט דער טיר און אויסרופענדיג אַז ער וועט זי שוין איצט מעגען רופען וויפיעל ער וויל, וועט זי איהם ניט ענטפערען און איהם לאָזען אליין אויסגעהן.

די נאַכט האָט זיך ערשט פאַרצויגען אין צימער און עס איז ווידער שטיל געוואָרען. דער גלאָק האָט ווידער גענומען קלינגען, מילד און זאַנדערבּאַר, אין דעם רוהיגען־פריידליכען אָבענט. א ביסעל פאַרשעהמט איבּער זיין כעס האָט דער אַלטער שולץ, ליגענדיג שטיל אויסגעצויגען, געוואַרט מיט א שוועראַטעמענדער בּרוסט, אַז דאָס האַרץ זאָל זיך איהם בּארוהיגען. ער האָט צו זיך געדריקט די טייערע ל י ע ד ע ר און געלאַכט ווי א קינד.

ער האָט פאַרבראַכט די נאָכקומענדע איינזאַמע טעג אין אַ מין עקסטאַז־צושטאַנד. ער האָט שוין ניט געטראַכט פון זיין קראַנקהייט, פונ'ם ווינטער, פון דער אומעטיג־טונקעלער ליכט, פון זיין איינזאַמקייט. אַלץ ארום איהם איז געוואָרען פול מיט ליכט און ליעבע. אַ זקן גאַנץ נאָהענט צום טויט האָט ער געפיהלט, אַז ער לעבט אויף אין דער יונגער נשמה פון אַן אומבאַקאַנטען פריינד.

ער האָט זיך געפרואווט פאָרשטעלען קריסטאָף'ן. ער האָט איהם ניט געזעהן ווי ער איז באמת געווען. ער האָט זיך איהם געמאָהלען נאָך זיין אייגענער אידעאַליזירטער גע־שטאַלט — אַזוי ווי ער האָט אליין געוואָלט זיין: בלאָנד, צאַרט, מיט בלויע אויגען, מיט אַן איידעלען, פאַר'חלומ'טען, זיסען, שטילען קול. ער איז גרייט געווען איהם צו אידעאַלי־זירען ווי ער זאָל ניט זיין. ער פלעגט אידעאַליזירען אַלץ ארום זיך: די תלמידים, די שכנים, די פריינד, זיין אַלטע הויז־דיענסט. זיין הארציגע ליעבליכקייט און זיין ניט־קרי־טיקירענדער גייסט — טיילווייז אומיסנע אַזוי, כדי אָפּצו־טרייבען פון זיך יעדען שטערענדען געדאַנק — האָבען ארום איהם אויסגעוועבט קלאָרע, אומבאַפלעקטע בילדער, פונקט ווי זיין אייגענס. די אילוזיע, דער ליגען איז פאַר איהם געווען אַ לעבענס־באַדירפניש. אין גאַנצען האָט ער זיך אפילו ניט אָפּגענאַרט, און אָפט פלעגט ער ביי נאַכט אין בעט זיפצען און טראַכטען פון די פאַרשיידענע זאַכען וואָס זיינען איהם דורכ'ן טאָג פאָרגעקומען און ווידערשפּראַכען

זיין אידעאַליזם. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די אַלטע סאַלאָמע לאַכט פון איהם הינטער די פּלייצעס מיט די וויי־בער פון דער גאַס ארום, אַז זי באַ'גנב'ט איהם יעדע וואָך אין די הויז־חשבנות. ער האָט גוט געוואוסט אַז די תלמידים זיינע באַנעהמען זיך הכנעה'דיג צו איהם כל זמן זיי דאַרפען איהם, און אַז נאָכדעם ווי זיי קריגען פון איהם ארויס אַלץ וואָס זיי האָבען נאָר געקאָנט ערוואַרטען, פאַרגעסען זיי אָן איהם. ער האָט געוואוסט, אַז זיינע פריהערדיגע אוניווער־סיטעט־קאָלעגען האָבען איהם שוין אויך אין גאַנצען פאַר־געסען זינט ער האָט זיך צוריקגעצויגען און אַז זיין נאָכפאָל־גער באַפאַלט איהם אין זיינע אַרטיקלען ניט דערמאַנענ־דיג אפילו זיין נאָמען, — און אויב יאָ איז עס אויף אַ פאַלש־גיפטיגען שטייגער, אום צו ציטירען זיינע אַ ווערטלאָזע פראַזע און נאָכדעם אָנצואווייזען אויף זיינע פעהלערען. — (אַ גאַנץ געוועהנליכער מיטעל אויף דעם געביט פון דער קריטיק). — ער האָט געוואוסט, אַז זיין אַלטער פריינד קונץ האָט איהם היינט נאָכמיטאָג געזאָגט אַ גרויסען ליגען, — געוואוסט אַז ער וועט שוין מעהר ניט זעהן די ביכער וואָס זיין צווייטער פריינד, פּאָטפּעטשמידט האָט פון איהם אָנט־ליהען אויף עטליכע טעג — און אַ מענש ווי ער וואָס איז געווען צוגעבונדען צו ביכער ווי צו לעבעדיגע פריינד האָט דערפון שטאַרק געליטען. ער פלעגט זיך דערמאָנען אָן אַ סך אַלטע און נייע טרויעריגע זאַכען; ער האָט פון זיי ניט געוואָלט טראַכטען; זיי זיינען אָבער דאָך אין איהם געלע־גען און ער האָט זיי געפיהלט. די ערינירונגען פלעגען איהם טייל מאָל דורכנעהמען ווי אַ שניידענדער וועהטאָג.

— אָה! מיין גאָט! מיין גאָט!

... פלעגט ער זיפצען ביי נאַכט אין דער שטיל. — ער

פלעגט זיך אָבער אויף אַזוינע מחשבות ניט לאַנג אָפּשטע־לען: ער האָט זיי געזוכט צו פאַרלייקענען. ער האָט געוואָלט זיין אָפּטימיסטיש, האָבען צוטרויען און גלויבען אין די מענ־שען. עס האָט זיך איהם איינגעגעבען; — כאָטש זיינע אילוזיעס פלעגען אָפט צו נישט־ווערען אויף א ברוטאַלען שטייגער פלעגען אָבער אַנדערע שטענדיג, שטענדיג... גע־באָרען ווערען אויף זייער אָרט. ער האָט אָהן זיי ניט גע־קאָנט לעבען.

דער אומבאַקאַנטער קריסטאָף איז געוואָרען א נייע שטראַהלענדע טרייסט אין זיין לעבען. קריסטאָף'ס ערשטער קאַלט־גלייכגילטיגער בריעף וואָלט איהם געדאַרפט ווערה טאָן; — (און אפשר האָט ער איהם טאַקע ווערה געטאָן) — ער האָט דאָס אָבער ניט געוואָלט צוגעבען און האָט פון איהם געהאַט א קינדערשע פרייד. ער איז געווען אַזוי באַ־שיידען און האָט אַזוי ווייניג פאַרלאַנגט פון די מענשען אַז דאָס ביסעל וואָס ער האָט פון זיי געקראָגען איז גענוג גע־ווען אויפצוהאַלטען זיין ליעבע צו זיי, און אַרויסצורופען זיין דאַנקבאַרקייט. ער האָט קיינמאָל ניט געוואָגט צו האָ־פען אויפ'ן גליק צו זעהן קריסטאָף'ן; און ער איז שוין איצט צו אַלט געווען צו מאַכען א נסיעה ביז צום ריין; און וואָס אַנבאַלאַנגט בעטען קריסטאָף'ן ער זאָל איהם באַזוכען, איז איהם דער געדאַנק אפילו ניט איינגעפאַלען.

קריסטאָף'ס דעפּעשע איז איהם אָנגעקומען אין אבענט פונקט בשעת ער האָט זיך געזעצט עסען. די חתימה האָט איהם אויסגעוויזען אומבאַקאַנט און ער האָט גערעכענט אַז ס'מוז זיין א טעות, אַז די דעפּעשע איז ניט צו איהם. ער האָט זי איבערגעלעזען דריי מאָל. ער איז מבולבול געוואָ־רען: די ברילען האָבען זיך ניט געקאָנט האַלטען, דער לאָמפּ

האָט טונקעל געברענט, די אותיות האָבען געטאַנצט פאַר זיינע אויגען. און ווען ער האָט ענדליך פאַרשטאַנען, איז ער אַזוי צוטומעלט פאַרבליבען, אַז ער האָט פאַרגעסען אָן עסען. סאָלאָמע האָט אויף איהם געשריען; ס'איז איהם אָבער אומעגליך געווען אראָפּצושלינגען אַ ביסען. ער האָט אַ וואָרף געטאָן די סערוועטקע אויפ'ן טיש, — ניט צונויפ־געלעגט ווי ער פלעגט עס שטענדיג טאָן; ער האָט זיך טרייסלענדיג אויפגעהויבען, איז געגאַנגען זוכען זיין קאַפּע־לוש און שפּאַציר־שטעקען. ערהאַלטענדיג די גוטע בשורה, איז געווען זיין פרייד זיך צו צוטיילען מיט אַנדערע, און לאָזען צו וויסען זיינע פריינד אַז קריסטאָף דאַרף אָנקומען.

ער האָט געהאַט צוויי פריינד, געוואַלטיגע מוזיק־ליעב־האָבער ווי ער, וועלכע זיינען דורך זיין מיה אויך באַגייס־טערט געוואָרען פון קריסטאָף'ן: — דער ריכטער סאַמועל קונץ און דער דענטיסט אָסקאַר פּאָטפּעטשמידט, וועלכער איז געווען אַן אויסגעצייכענטער זינגער. די דריי אַלטע חברים פלעגען אָפט צוזאַמען ריידען פון קריסטאָף'ן, און זיי האָבען געשפּיעלט יעדעס שטיק מוזיק זיינס וואָס זיי האָבען נאָר געקאָנט קריגען. פּאָטפּעטשמידט האָט געזונגען, שולץ האָט אַקאָמפּאַנירט און קונץ האָט צוגעהערט. שטונדען־לאַנג פלעגען זיי בלייבען אין התלהבות. ווי פיעל מאָל האָבען זיי צווישען זיך געזאָגט בעת זיי פלעגען שפּיעלען און זינגען די מוזיק:

— אָה! ווען קראַפט זאָל דאָ זיין!

שולץ האָט צו זיך געלאַכט פאַר פרייד — זיין פרייד און די פרייד וואָס ער וועט זיי פאַרשאַפען. די נאַכט איז דערווייל צוגעפאַלען. קונץ האָט געוואוינט אין אַ שטע־טעלע אַ האַלבע שעה גאַנג פון דער שטאָט. אָבער דער הי־

מעל איז געווען קלאר: ס'איז געווען א זעהר מילדער אפ־ריל אבענט; די נאכטיגאלען האבען געזונגען. ביים אלטען שולץ איז דאס הארץ פול געווען מיט גליק; ער האט לייכט געאטעמט, די פיס זיינען געווארען גרינג ווי ביי א צוואנציג־יאהריגען בחור. ער האט געשפרייזט לוסטיג, און זיך ניט אומגעקוקט אויף די שטיינער אן וועלכע ער האט זיך אין דער פינסטער אנגעשלאגען. ער האט פלינק א שפרונג גע־טאן ביים זייט פונ'ם וועג ווען א וואגען איז אנגעקומען און זיך פרייליך באגריסט מיט'ן פוהרמאן, וועלכער האט פאר־וואונדערט געקוקט, ביי דער שיין פון דעם לאמטערן, אויף דעם זקן ווי ער שפרינגט ארויף אויף א בערגעלע ביים ברעג וועג.

ס'איז שוין געווען שטאק־פינסטער ווען ער איז אנגע־קומען צו קונץ'ס הויז, — א ביסעל אויף יענער זייט שטע־טעל אין מיטען פון גערטענדעל. ער האט לייכט אנגעקלאפט אן טיר און גענומען רופען אויפ'ן קול. א פענסטער האט זיך געעפענט און קונץ, א צוטומעלטער, האט זיך באוויזען. ער האט געפרואווט זעהן אין דער פינסטערניש און געפרעגט:

— ווער איז דארט? וואס איז אזוינס?

שולץ האט סאפענדיג און פרייליך, אויסגעשריען:

— קראפט... קראפט קומט מארגען...

קונץ האט ניט פארשטאנען וואס ער מיינט; נאר ער האט דערקאנט דעם קול.

— שולץ!.. ווי! אזוי שפעט! וואס איז געשעהן?

שולץ האט איבערגע'חזר'ט:

— ער קומט מארגען... מארגען אין דער פריה!..

— וואס! האט נאך אלץ קונץ געפרעגט, א דערשראָ־קענער.

— קראַפּט! האָט שולץ ווייטער געשריען.

קונץ האָט זיך פאַרטראַכט א מינוט איבער דעם וואָרט און א הילכיגער אויסגעשריי — „איך קום אראָפּ!" — האָט באַלד דערוויזען אַז ער האָט פאַרשטאַנען.

דאָס פענסטער האָט זיך צוגעמאַכט. קונץ איז ארויס אויף די טרעפּ מיט א לאָמפּ אין דער האַנט און איז אַרונ־טער אין גאָרטען. ער איז געווען אַן אַלטינקער מיט א שווערען קערפּער, מיט א גרויסען, גרויען קאָפּ, א רויטע באָרד, און רויטע שפּרינקלעך אויפ'ן פּנים און אויף די הענט. ער איז געגאַנגען מיט דראָבנע טריט און גערויכערט זיין פאַר־צעלייענע לולקע. דער גוט־מוטיגער, שלעפעריגער אַלטער האָט שטענדיג רוהיג געלעבט און האָט כמעט פון קיין זאַך ניט געזאָרגט. דאָך האָט איהם שולץ'ס בשורה אויפגערו־דערט: ער האָט געוואָרפען מיט די הענט, געשאָקעלט מיט'ן לאָמפּ און געפרעגט:

— וואָס? ס'איז אמת? ער קומט טאַקע?

— מאָרגען אין דער פריה! האָט שולץ מיט נצחון איבערגע'חזר'ט איהם וויזענדיג די דעפּעשע.

די צוויי פריינד האָבען זיך אַוועקגעזעצט אויף א באַנק ביים פּאַוויליאָן. שולץ האָט גענומען דעם לאָמפּ. קונץ האָט פאַרזיכטיג געעפענט די דעפּעשע און לאַנגזאַם מיט א מורמעל זי געלעזען. שולץ האָט זי נאָכאַמאָל הויך געלעזען איבער זיינע אַקסלען. קונץ האָט אַלץ געקוקט אויפ'ן פּאַ־פּיר, אויף די פאַרשיידענע אַנמערקונגען אויף דער טעלעגראַ־מע. — די צייט ווען זי איז ארויסגעשיקט געוואָרען, די צייט ווען זי איז אָנגעקומען, די צאָהל ווערטער. דערנאָך האָט ער דאָס טייערע זייטעל פּאַפּיר צוריקגעגעבען שולץ'ן.

שולץ האָט דערבײַ האַרציליך געלאַכט, געקוקט שאַקלענדיג מיט'ן קאָפּ אויף זיין חבר און געזאָגט:

— נו, וואָס זאָגסטו עפּעס? האַ!

קונץ האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, אײַנגעצויגען און אַרויסגעלאָזען אַ גאַנצע כמאַרע מיט טאַבאַק־רויך, און נאָכדעם אַוועקגעלעגט זיין האַנט אויף שולץ'ס קניה זאָגענדיג:

— מ'דאַרף צו וויסען לאָזען פּאַטפּעטשמידט'ן.

— איך האָב טאַקע דאָס נאַר וואָס בדעה געהאַט.

— איך געה מיט דיר.

ער איז אַרײַנגעגאַנגען אַוועקשטעלען דעם לאָמפּ און איז גלייך צוריקגעקומען. די צוויי אַלטע זיינען, געאַרעמט, אַוועקגעגאַנגען. פּאַטפּעטשמידט האָט געוואוינט ביים אַנדער עק שטעטעל. שולץ און קונץ האָבען סתם אַ פּאָר ווערטער צווישען זיך איבערגעביטען; זיי האָבען ביידע געטראַכט פון דער גרויסער נייעס. פּלוצלונג האָט זיך קונץ אָפּגעשטעלט, אַ קלאַפּ געטאָן מיט'ן שטעקען און אויסגעשריען:

— אַה, צום טייוועל... ער איז ניטאָ הי!..

ער האָט זיך אָקאָרשט דערמאָנט אַז פּאַפּעטשמידט האָט געמוזט דעם נאָכמיטאָג אָפּפאָהרען צוליעב אַן אָפּעראַציע אין אַ צווייטער שטאָט, וואו ער האָט געדאַרפט איבערנעכטיגען און פאַרבלייבען אַ טאָג־צוויי. שולץ איז שטעהן געבליבען אַ דערשלאָגענער, און קונץ — ניט וועניגער ווי זיין באַגלייטער. זיי האָבען שטאַלצירט מיט פּאַטפּעטשמידט'ן און ס'האָט זיך זיי זייער געוואָלט באַווייזען וועמען זיי פאַרמאָגען. זיי זיינען געבליבען שטעהן אין מיטען גאַס און ניט געוואוסט וואָס ווייטער צו טאָן.

— וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? האָט קונץ גע־פרעגט.

— קראַפט מוז אומבאַדינגט הערען פאַטפעטשמידט'ן, האָט זיך שולץ אָפּגערופען.

ער האָט זיך פאַרטראַכט און ווייטער געזאָגט:

— מ'מוז פאַטפעטשמידט'ן שיקען אַ דעפּעשע.

זיי זיינען צוגעגאַנגען צום טעלעגראַף־ביוראָ און ביידע אויסגעשטעלט אַ לאַנגע, ריהרענדע טעלעגראַמע, וואָס מ'האָט קוים געקאָנט פאַרשטעהן. דערנאָך זיינען זיי צוריקגעקו־מען. שולץ האָט אויסגערעכענט:

—ער קאָן דאָ זיין מאָרגען אין דער פריה, אויב ער זאָל נעהמען דעם ערשטען צוג.

קונץ האָט איהם אָבער אָנגעוויזען אַז ס'איז שוין איצט צו שפּעט און אַז די דעפּעשע וועט איהם אודאי ערשט אי־בערגעגעבען ווערען דעם צווייטען טאָג.

שולץ האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און זיי האָבען ביידע איבערגע'חזר'ט:

— ס'אַרא אומגליק!.. ס'אַרא אומגליק!..

זיי האָבען זיך צושיידט נעבען קונץ'ס הויז; וואָרום ווי גרויס קונץ'ס פריינדשאַפט איז ניט געווען צו שולץ'ן, האָט זי איהם דאָך אַזוי ווייט ניט פאַרפיהרט אַז ער זאָל שולץ'ן באַגלייטען ביז אַרויס פון שטעטעל, אָדער אפילו ביז צום וועג, און ער זאָל דאַרפען נאָכדעם אַליין צוריקגעהן אין דער פינסטערניש. זיי האָבען אָפּגערעדט אַז קונץ זאָל מאָרגען קומען עסען מיטאָג ביי שולץ'ן. שולץ האָט מיט אַ פאַרזאָרגטער מינע געקוקט צום הימעל און אויסגערופען:

— ס'זאָל נאָר זיין שעהן מאָרגען!

און ס'איז איהם גרינגער געוואָרען אויף'ן האַרצען, ווען

קונץ. וועלכער איז באַקאַנט געווען אַלס אַ גאַנצער קענער אין מעטעאָראָלאָגיע, האָט ערנסט ארויפגעקוקט צום הימעל — (ווארום ער האָט פונקט ווי שולץ געוואָלט אַז קריסטאַך זאָל זעהן זייער שטעטעל און די אומגעגענד אין זייער גאַנ־צער שעהנקייטען) — און געזאָגט:

— ס'וועט זיין שעהן מאָרגען.

שולץ האָט זיך געלאָזט אין שטאָט אריין און זיך אויפ'ן וועג פארטשעפּעט מעהר ווי איין מאָל אָן די העלצער און שטייגער וואָס זיינען דאָרט געווען אָנגעוואָרפען. איידער ער איז אָנגעקומען אהיים, איז ער אריין אין א קאָנדיטעריי און באשטעלט אַ מין טאָרט מיט וועלכער די שטאָט האָט זיך געריהמט. דאָן איז ער אהיים געגעאנגען, אָבער פּונקט פאר'ן אריינגעהן האָט ער זיך אומגעקעהרט און איז צוגע־גאַנגען צום וואקזאל כדי אקוראט אויסצוגעפינען ווען דער צוג קומט אָן. ענדליך איז ער אריין צו זיך אין הויז, גערו־פען סאַלאָמע, מיט איהר לאַנג באשפּראָכען דעם מאָרגענ־דיגען מאָלצייט, און ערשט נאָכדעם זיך געלעגט שלאָפען. ער איז געווען אַזוי אומרוהיג, אויפגערעגט און פרייליך ווי א קינד פאר ווייגאַכטען; ער האָט זיך ארומגעוואָרפען די גאַנצע נאכט און ניט צוגעמאכט אַן אויג. ארום איינס ביי נאכט איז איהם איינגעפאלען אויפצושטעהן און צו געהן זאָגען סאַלאָמע, אַז זי זאָל בעסער מאַכען צו מיטאָג א גע־פּרעגעלטען קאַרפּ, ווארום דער מאכל פלעגט זיך איהר זעהר גוט איינגעבען. ער האָט עס איהר ניט געזאָגט, און מסתמא גלייך געטאָן. ער איז אָבער אויפגעשטאַנען און צונויפגע־לעגט, צורעכט געמאַכט געוויסע זאכען אין צימער וואָס ער האָט געוואָלט אָפּגעבען קריסטאָף'ן. ער האָט גוט אכטונג געגעבען ניט אויפצוואועקען סאַלאָמע, ווארום ער האָט פשוט מורא געהאָט זי זאָל אויף איהם ניט אָנשרייען. די גאַנצע נאכט האָט ער מורא געהאָט אַז ער וועט פארשפּעטיגען דעם

צוג. און כאַטש קריסטאָף האָט ערשט געדאַרפט אָנקומען זייגער ניין איז ער אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה. ער האָט דאָס ערשטע גלייך אַ קוק געטאָן אויפ'ן הימעל: קונץ האָט קיין טעות ניט געמאַכט. דאָס וועטער איז געווען וואונדער־שעהן. אויף די שפּיץ־פינגער איז ער אַראָפּגעגאַנגען אין קע־לער, וואו ער איז שוין לאַנג ניט געווען צוליעב די משופּה'־דיגע טרעפּ און דער קעלט. ער האָט אויסגעקליבען די בעס־טע פלעשער ווײַן, זיך צושלאָגען דעם קאָפּ אָן דער סטעליע אַרויפקומענדיג, און ביז ער איז אַרויסגעקומען מיט דעם פולען קאָרב האָט זיך איהם געדאַכט אַז ער ווערט דערשטיקט. נאָכדעם איז ער אַריינגעגאַנגען אין גאָרטען און אומבע־רחמנות'דיג אָפּגעשניטען די שעהנסטע רויזען און ליליען בלומען. דערנאָך איז ער צוריק אַרויף צו זיך, מיט אַ פיעבע־רישער האַנט זיך ראַזירט און צושניטען צוויי־דריי מאָל. זיך שעהן אָנגעטאָן און איז אוועקגעגאַנגען צום וואָקזאַל. ס'איז געווען זייגער זיבען. סאָלאָמע האָט ניט געקאָנט פועל'ן ער זאָל אפילו טרינקען אַ טראָפּען מילך. ער האָט גע'טענה'ט אַז קריסטאָף וועט מסתמא פאַר'ן אָנקומען נאָך ניט האָבען געגעסען און אַז זיי וועלען ביידע עסען צוזאַמען נאָכ'ן צו־ריקומען פון וואָקזאַל.

ער איז אָנגעקומען צום באַהן־הויף דריי־פערטעל שטונ־דע פאַר דער צייט. ער האָט געוואַרט און געוואַרט, און קריסטאָף'ן דאָך ניט געטראָפען. אַנשטאָט צו וואַרטען גע־דולדיג ביים אַרויסגאַנג־טויער, איז ער אַרויס אויף'ן טרעפּ און צוטומעלט געוואָרען אין מיטען פון דער כוואַליע אָנקו־מענדע און אָפּפאָהרענדע פּאַסאַזשירען. טראָץ די באַשטימ־טע אָנדייטונגען פון דער דעפּעשע איז איהם גאָר איינגעפאַ־לען גאָט ווייסט פאַרוואָס, אַז קריסטאָף וועט אָנקומען מיט

אַז אַנדער צוג און ניט מיט דעם אַנגעגעבענעם. חוץ דעם איז איהם אויף דער מחשבה ניט געקומען אַז קריסטאָף וועט ארויס פון אַ דריטע־קלאַסע־וואַגאָן. בעת קריסטאָף איז אָנ־געקומען און גלייך געגאַנגען אַנקלאַפּען אין זיין טיר, האָט שולץ נאָך אַלץ געוואַרט ביים וואָקזאַל — און געוואַרט האָט ער אַ האַלבע שעה. און צו דעם אַלעמען איז צוגעקומען נאָך אַן אומגליק: סאַלאָמע איז גראַד נאָר וואָס ארויסגעגאַנגען און זיך נעלאָזט אין מאַרק אַריין. קריסטאָף האָט געפונען אַ פאַרשלאָסענע טיר. די שכנה וועמען סאַלאָמע האָט אָנגע־בעטען אַז אויב עמיצער וועט אָנקלינגען זאָל מען איהם זאָגען אַז זי וועט באַלד זיין צוריק—האָט די ווערטער איבערגעגעבען און מעהר גאָרניט צוגעלעגט. קריסטאָף, וויסענדיג אַז ער איז ניט געקומען זעהן סאַלאָמע, האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַ מיאוס'ן וויץ. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט צי דער הער אוניווערסיטעטס־־מוזיק־דירעקטאָר וואוינט נאָך אַלץ דאָ. מ'האָט איהם געענטפערט אַז יאָ; מ'האָט איהם אָבער ניט געקאָנט זאָגען וואו ער איז. קריס־טאָף איז שטאַרק אין כעס געוואָרען און איז אוועקגעגאַנגען.

ווען שולץ איז צוריקגעקומען מיט אַ מורא־דיג לאַנגען פּנים און דערהערט פון סאַלאָמע וועלכע איז אויך אָקאָרשט אַריינגעקומען, וואָס עס איז פאָרגעקומען, איז ער געבליבען אַ פאַרצווייפעלטער. ער האָט גענומען וויינען. ער האָט געשריען, געשטורעמט אויף דער דיענסט וואָס זי איז אַזוי נאַריש געווען, און איז אוועקגעגאַנגען אין זיין אָפּוועזענ־הייט און ניט געהאַט אפילו גענוג שכל אָנצוזאָגען אַז מ'זאָל קריסטאָף'ן הייסען וואַרטען. דער אַלטער האָט זיך אָבער לאַנג ניט אָפּגעשטעלט אויסטענה'ן. ער האָט קיין מינוט ניט פאַרלאָרען, איז שנעל ווידער אַראָפּגעלאָפען די טרעפּ און

זיך געלאָזט זוכען קריסטאָף'ן, לויט די פּאָר אומבאַשטימטע שפּורען וואָס די שכנים האָבען איהם געגעבען.

קריסטאָף האָט זיך געפיהלט באַליידיגט ניט געפינענדיג קיינעם — אפילו ניט קיין איין ענטשולדיגונגס־וואָרט. ניט וויסענדיג וואָס צו טאָן ביז צום צווייטען צוג איז ער זיך געגאַנגען שפּאַצירען אין שטאָט און אין די ארומיגע שעהנע פעלדער. דאָס איז געווען א רוהיג־שטילע שטעטעל, וואָס איז געלעגען ווי א נעסט צווישען צוויי ניט־הויכע בערג. ארום די הייזער זיינען געווען גערטנער מיט קאַרשען־ביימער און בלומען, גראָבע, שעהנע, שאָטענדיגע ביימער, נאָכגעמאַכט ווי אַלט־היסטאָרישע חורבות, ווייסע ביוסטען פון אַמאָליגע פּרינצעסינס אויף מאַרמאָרנע זיילען אין מיטען פון די גערטנער, מיט מילדע, שעהנע געזיכטער. אַרום דער שטאָט זיינען געווען פעלדער מיט בערגלאַך. אויף די ביימער און בלומען האָבען פויגעלאַך לוסטיג געשפּיעלט, און צונויפגעשטעלט קאָנצערטלאַך פון לאַכענדיגע און אַפּקלינגענדיגע פלייטען. קריסטאָף'ס שלעכטע שטימונג איז באַלד אוועק. ער האָט פאַרגעסען אָן שולץ'ן.

דער אלטער איז אומזיסט ארומגעלאָפען איבער די גאַסען זיך נאָכפרעגענדיג ביי די פאַרבייגעהר; ער איז ארויפגעגאַנגען ביז צום אַלטען שלאָס אויפ'ן בערגעל איבער דער שטאָט און געהאַלטען א דערשלאָגענער אין צוריקגעהן. פלוצלונג האָבען אבער זיינע שאַרפע אויגען דערזעהן פון דער ווייטען א מענשען ליגנדיג אויפ'ן פעלד אונטער'ן שאָטען פון א דערנער־קוסט. ער האָט ניט געקענט קריסטאָף'ן; ער האָט ניט געקאָנט וויסען צי דאָס איז ער; און א חוץ דעם, איז דער מענש געלעגען מיט'ן רוקען צו איהם און מיט'ן קאָפּ האַלב־איינגעגראָבען אין גראָז. שולץ האָט זיך לויערענד

אַרומגעדרעהט אויפ'ן וועג, און אַרום דעם פעלד, מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ, און זיך געטראַכט:

— ער איז עס... ניין, ס'איז ניט ער...

ער האָט זיך געשעהמט איהם צו רופען. אַ געדאַנק איז איהם איינגעפאַלען: ער האָט אָנגעהויבען זינגען די ערשטע פראַזע פון קריסטאָף'ס אַ ליעד:

— אויף! אויף!..

קריסטאָף איז אויפגעשפּרונגען ווי אַ פיש אין וואַסער און פאַרגעזועצט אויף אַ קול דאָס ליעד. אַ דערפרייטער האָט ער זיך אויסגעדרעהט. זיין פּנים איז געווען רויט און שטיק־לאַך גראָז האָבען געשטעקט אין די האָר. זיי האָבען איינער דעם אַנדערען אַ רוף געטאָן ביים נאָמען און געלאָפען זיך אַנטקעגען. שולץ איז אַריבערגעשפּרונגען די גרוב ביי דער זייט פון וועג. קריסטאָף איז מיט איין שפּרונג געווען אויף יענער זייט פּאַרקאַן. זיי האָבען זיך וואַרים געדריקט די הענט און זיינען צוזאַמען אַהיים געגאַנגען, לאַכענדיג און ריידענדיג הויך. דער אַלטער האָט דערצעהלט פאַרוואָס ער האָט איהם ניט באַגעגענט ביים וואָקזאַל; און קריסטאָף, וועלכער איז אַ מינוט פריהער געווען ענטשלאָסען זיך מעהר ניט אָפּשטעלען ביי שולץ'ס הויז, און ווייטער געהן זיין וועג — האָט גלייך דערפיהלט זיין נאַיווע אויפריכטיגע גוטס־קייט און איהם ליעב געקראָגען. איידער זיי זיינען צום הויז אָנגעקומען האָבען זיי זיך שוין געהאַט פאַרטרויט צעהנדליגע זאַכען.

אַריינגעהענדיג האָבען זיי געפונען קונץ'ן. ער האָט זיך דערוואוסט אַז שולץ איז אַוועק אויפזוכען קריסטאָף'ן און ער האָט רוהיג געוואַרט. מ'האָט דערלאַנגט קאַווע מיט מילך; קריסטאָף האָט שוין אָבער פריהער געפרישטיקט אין

א גאסט־הויז אין שטאט. דער אלטער האט זיך דערפון שטארק געערגערט; ער האט באמת געליטן פון דעם וואס קריסטאף האט ביי א י ה ם ניט גענעסן דעם ערשטן מאלצייט: אזעלכע קליינע זאכן האבן געשפילט א גרויסע ראלע ביי דעם גוטהארציגן אלטן. קריסטאף האט דאס פארשטאנען און זיך דערפון שטילערהייט אמוזירט. ער האט איהם דערפאר נאך ליעבער געקראגן, און אום איהם צו טרייסטן, האט ער איהם פארזיכערט אז ער האט גענוג אפעטיט אויף צוויי פריהשטיקן: און ער האט עס טאקע באוויזן.

אלע זארגן זיינען איהם ארויס פון קאפ. זינט ער האט זיך דערפיהלט צווישן אמת'ע פריינד איז ער ווי אויפגעלעבט. ער האט זיי דערצעהלט וועגן זיין רייזע אין בערלין, וועגן זיינע ענטוישונגען און וויציגן שטייגער. ער האט אויסגעזעהן ווי א שול־אינגעל בעת דער וואקאציע. שולץ האט געשיינט פאר פרייד, אנגעקוועלט קוקענדיג אויף איהם און הארציג געלאכט.

באלד האט זיך דער שמועס פארצויגן איבער דעם וואס ס'האט זיי אלע דריי פארבונדען: איבער קריסטאף'ס מוזיק. שולץ'ן האט זיך שטארק געוואלט הערען ווי קריסטאף שפיעלט זיינע קאמפאזיציעס. ער האט איהם אבער ניט געוואגט דאס צו בעטן. זיי האבן ווייטער גערעדט און קריסטאף איז בשעת מעשה ארומגעגאנגען הין און צוריק איבער'ן צימער. שולץ האט איהם נאכגעקוקט יעדעס מאל וואס ער איז פארבייגעגאנגען נעבען דער אפענער פיאנא, און איז זיך געבעטען אז קריסטאף זאל זיך ביי איהר אפשטעלען. קונץ האט געהאט די זעלבע מחשבות. דאס הארץ האט זיי אנגעהויבן שטארקער קלאפען ווען זיי האבן גע־

זעהן אַז ער זעצט זיך גלייכגילטיג אַוועק אויפ'ן פּיאַנאָ שטול, און רעדט טאַקע ווייטער און פיהרט דאַך איבער די פינגער אויף די ביינדלאַך פון דעם אינסטרומענט, כאָטש ער קוקט ניט אויף איהם. און געשעהן איז טאַקע דאָס וואָס שולץ האָט ערוואַרט: ווי קריסטאָף האָט נאָר אָנגעשפּיעלט עט־ליכע אַרפּעדזשיאָס, אַזוי האָט איהם שוין די מוזיק אַרומ־גענומען. ער האָט ווייטער געשפּיעלט אַ פּאָר לייכטע אַקאָר־דען און געשמועסט דערביי; נאָכדעם האָט ער גענומען שפּיעלען גאַנצע פראַזען; און ערשט דערנאָך האָט ער אויפ־געהערט ריידען און אָנגעפאַנגען באמת שפּיעלען. די אַלטע האָבען זיך איבערגעוואונקען מיט אַ כיטרען און צופרידענעם שמייכעל.

ווייסט איהר וואָס דאָס איז? — האָט קריסטאָף גע־פרעגט, שפּיעלענדיג איינע פון זיינע ל י ע ד ע ר.

— צו איך וויים! — האָט שולץ אַן ענטציקטער גע־ענטפערט.

קריסטאָף האָט ווייטער געשפּיעלט און אויסדרעהענדיג אַביסעל דעם קאָפּ האָט ער געזאָגט:

— עה! ניט זעהר גוט אייער פּיאַנאָ!

— דער אַלטער האָט זיך געפיהלט ווי אַ שולדיגער און זיך ענטשולדיגט:

— זי איז שוין זעהר אַלט — האָט ער עניות'דיג גע־ענטפערט, — זי איז ווי איך אַליין.

שולץ האָט געלאַכט מיט אַ האַרציגען געלעכטער, און גענומען ריידען וועגען זיין עלטער, וועגען זיינע שלאָפלאָזע נעכט...

— טע, טע, טע! האָט קריסטאָף אויסגערופען, מ'רעדט גאָר ניט פון דעם; איך וויים וואָס איך זאָג. ניט אמת

קונץ? (ער האט שוין אוועקגעמאכט מיט'ן ווארט — „הער".)

קונץ האט פאלקאם איינגעשטימט מיט איהם.

קונץ האט געפרואווט צוריקברענגען דעם שמועס אויף זיין אלטער פיאנא.

— זי האט נאך גאנץ שעהנע טענער — האט ער, באַ־שיידען, זיך אפגערופען.

און ער האט זי אנגעריהרט — פיער־פינף גאנץ קלארע קלאנגען, א האלבע אקטאווע אין דעם מיטעלסטען רעגיס־טער. קריסטאף האט פארשטאנען אז די פיאנא איז אן אל־טער פריינד זיינער און ער האט גוטמוטיג געזאגט — טראכ־טענדיג בשעת דעם פון שולץ'עס אויגען.

— יא, זי האט נאך שעהנע אויגען. שולץ'עס פנים האט אויפגעלויכטען. ער האט גענומען זינגען א גאנ־צען לויב־געזאנג צו זיין אלטער פיאנא; ער איז אבער באלד שטיל געבליבען זעהענדיג אז קריסטאף נעהמט זיך ווידער שפיעלען. ער האט געשפיעלט איין ליעד נאכ'ן אנ־דער'ן; קריסטאף האט זיי שטיל צוגעזונגען. שולץ האט מיט פייכטע אויגען נאכגעקוקט יעדען ריהר. קונץ האט פאר־לייגט די הענט אויפ'ן שויס, און צוגעמאכט די אויגען, כדי וואס מעהר הנאה צו האבען. פון צייט צו צייט האט זיך קריסטאף אומגעקוקט מיט א שטראהלענד פנים צו די צוויי ענטציקטע אלטע לייט, און געזאגט מיט א נאיווען ענטוזי־אזם, פון וועלכען סאיז זיי גארניט איינגעפאלען צו לאכען.

— היי! ס'איז גוט!.. און דאס! וואס זאגט איהר עפיס דערויף?.. און אט־א־דאס!.. דאס איז דאס שעהנ־סטע פון אלע... — און איצט וועל איך אייך שפיעלען עפעס פון וואס עס וועלען זיך אייך שטעלען די האר קאפויר...

פלוצלונג, בעת ער האָט געהאַלטען אין שפּיעלען אַ טרוימעריש שטיק־מוזיק, האָט דער קוקוק פון וואַנט־זייגער גענומען אויסקלינגען. קריסטאָף איז אויפגעשפרונגען און מיט כעס זיך צושריען. קונץ האָט זיך פון זיין שפּרונג אויפגעכאַפּט און אַרומגעקוקט מיט צושראָקענע אויגען. שולץ אַליין האָט עס צו ערשט אויך ניט פאַרשטאַנען. דערנאָך ווען ער האָט געזעהן ווי קריסטאָף ווייזט דעם זינגענדיגען פויגעל אַ פויסט און שרייט אויפ'ן קול אַז מ'זאָל למאַן־השם צונעהמען דעם אידיאָט, דעם בויך־רעדנערישען גייסט—האָט ער זיך צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען אַרומגעזעהן אַז דער געראויש איז באמת אַ שרעקליכער. ער האָט גענומען אַ שטול און געוואָלט אַרויפקריכען כדי אַראָפּצונעהמען דעם יום־טוב־פאַרשטערער; ער איז אָבער שיעור ניט אַראָפּגעפאַלען, און קונץ האָט איהם מעהר ניט געלאָזט אַרויפקריכען. ער האָט גערופען סאַלאָמע. זי איז ווי געוועהנליך פּאַמעלאַך אַריינגעקומען און איז מבולבל געוואָרען ווען מ'האָט איהר אויף די הענט אַרויפגעלעגט דעם וואַנט־זייגער, וועלכען קריסטאָף האָט אַליין, פאַרלירענדיג די געדולד, אַראָפּגענומען.

— וואָס זאָל איך דערמיט טאָן? — האָט זי געפרעגט.

— וואָס דו ווילסט נאָר אַליין, אַבי אוועקגענומען! און מעהר זאָל איך איהם דאָ ניט זעהן! האָט שולץ געענטפערט מיט דער זעלבער אומגעדולד ווי קריסטאָף.

(מ'האָט איהם אַפילו ניט געוואונדערט פאַרוואָס ער האָט ביז איצט געקאָנט פאַרליידען דעם שרעקליכען זייגער.)

און סאַלאָמע האָט זיך געטראַכט, אַז זיי זיינען אַלע אַ צודרעהטע חברה.

מ'האָט ווייטער געשפּיעלט. שטונדען זיינען אוועק. סאַלאָמע איז געקומען אָנזאָגען אַז דער מיטאָג שטעהט שוין

אויפ'ן טיש. שולץ האָט איהר געהייסען שווייגען. זי איז צוריקגעקומען אין צעהן מינוטען ארום, און נאָכאמאָל אין נאָך צעהן מינוטען ארום. דעם מאָל איז זי געווען אויסער זיך און געזאָגטען פאר כעס בעת זי האָט אָנגעשטעלט א גלייכגילטיגע מינע און זיך אוועקגעשטעלט אין מיטען צי־מער. כאָטש שולץ האָט צו איהר געמאַכט פארצווייפעלטע העויות, האָט זי מיט א הילכיגען קול געפרעגט:

— אויב, איהר, מיינע הערען, ווילט עסען א קאַלטען אדער צוגעברענטען מיטאָג, — ארט עס מיך ניט. איך וואַרט נאָר אויף אייער וואָרט.

שולץ איז ווי א צוטומעלטער געוואָרען פון איהרע העזה'דיגע רייד און געוואָלט אָפּשפּיעלען דער דיענסט א סצענע. קריסטאָף האָט אָבער אויסגעשאָסען אין א געלעכ־טער. און קונץ — נאָך איהם. שולץ האָט זיך צום סוף אויך צולאַכט. סאָלאָמע, א צופרידענע פון דעם עפעקט פון איהר דרשה, האָט זיך אויסגעדרעהט צו דער טיר און איז ארויסגעגאַנגען מיט דער מינע פון א קעניגין וואָס איז נאָך אַלעמען וויליג מוחל צו זיין איהרע אונטערטאַנען, וואָס בעטען מחילה.

— א גאַנצער כוואַט! האָט זיך קריסטאָף אָפּגערופען, זיך אויפהויבענדיג פון דער פּיאַנאָ. זי האָט רעכט. ניטאָ קיין אומערטרעגליכערע זאַך ווי א פּובליקום וואָס קומט אָן אין מיטען קאָנצערט!

זיי האָבען זיך געזעצט צום טיש. ס'איז געווען א גאָר גרויסער און געשמאַקער מאָלצייט. שולץ האָט אָנגעריהרט סאָלאָמע'ס שטאָלץ אָלס קעכין און דאָס האָט זי געטריבען ארויסצואווייזען איהר גאַנצע קונסט. זי האָט אָפּט געהאָט

די געלעגנהייט אויף דעם געביט זיך אויסצוצוכיינען. די אַלטע פריינד זיינען געווען זעהר גרויסע עסערס. קונץ פלעגט גאָר ווערען אַן אנדער מענש ביים טיש; ער האָט אויפגעשיינט ווי א זון: ער האָט געקאָנט דיענען אַלס א שילד פון א רעסטאָראַן. און שולץ האָט אויך ניט ווענינער ליעב געהאַט א גוטען ביסען; זיין שוואַכע געזונד האָט איהם אָבער געצוואונגען זיך ניט שטאַרק נאָכצוגעבען. אמת ער האָט זיך אָפט אַן דעם פאַרגעסען; און האָט דערפאַר טייער באַצאָהלט; ער פלעגט זיך אָבער ניט באַקלאָגען: אויב ער איז קראַנק געוואָרען האָט ער כאָטש געוואוסט פאַרוואָס. ער און קונץ האָבען געוואוסט פון געוויסע מאכלים, וואָס האָבען גע׳שמ׳ט פון דורות. סאָלאָמע איז אַלזאָ געוואוינט געווען צו קאָכען פאַר מבינים. דעם מאָל האָט זי זיך אָבער די מיה געגעבען אריינצושטעלען אין איין פראָגראַם אַלע איהרע מייסטער־ווערק. ס׳איז געווען א מין אויסשטעלונג פון דער איינפאַכער, ריינער דייטשער קאָך־קונסט מיט איהרע פיינע ריחות פון גרינצייג מיט די געדיכטע סאָוסען און זופען, מיט די געשמאַקע ראָסעל־פליישען און בראַטענס, מיט די גוטע, גרויסע קאַרפען, מיט דעם זויער־קרויט, די גענז, די היימישע געבעקס און די פאַרשיידענע מינים ברויטען. קריסטאָף איז דערפון ענטציקט געוואָרען, דער מויל האָט ביי איהם ניט גערוהט און ער האָט געגעסען ווי א וואָלף. ער האָט געהאַט דעם מאָגען פון זיין פאָטער און זיידען, וועלכע האָבען פשוט געקאָנט איינשלינגען א גאַנצע גאַנז. דערפאַר אָבער האָט ער זיך געקאָנט אמאָל באַגעהן א גאַנצע וואָך בלויז מיט ברויט און קעז; נאָר אַז די געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט, האָט ער געקאָנט עסען פאַר דריי. שולץ מיט א גוטמוטיגער און פאַראַדנער מינע האָט אויף איהם

געקוקט מיט צאַרטע אויגען און איהם יעדער ווײַלע צוגע־רוקט א גלאָז מיט גוטען ריין־וויין — און אַלע מאָל אַן אַנ־דער מין. קוניץ האָט געשיינט, און אין איהם דערקאַנט אַן אייגענעם מענשען. סאַלאָמע מיט איהר ברייט פּנים האָט געלאַכט פון צופרידענהייט.

— צוערשט, ווען קריסטאָף איז אריינגעקומען איז זי געבליבען אַן אַנטוישטע. שולץ האָט פון פריהער אַזוי פיעל גערעדט וועגען איהם, אַז זי האָט זיך פאָרגעשטעלט צו דער־זעהן א גאַנצען שררה, באַהאַנגען מיט מעדאַלען און עהרען־טיטלען. און ווען זי האָט איהם באמת דערזעהן האָט זי אויסגעשריען:

— וואָס? דאָס איז ע ר?

ביים טיש האָט ער אָבער ביי איהר נושא־חן געווען. זי האָט נאָך ביז דעמאָלט קיינעם ניט געזעהן וואָס זאָל אַזוי אויסגעצייכענט „אָנערקענען“ איהר טאַלאַנט. אַנשטאָט צו־ריקצוגעהן אין קיך אריין איז זי געבליבען שטעהן אויפ׳ן שוועל פון טיר און געקוקט אויף קריסטאָף׳ן, וועלכער האָט ניט פאַרפעהלט קיין ביסען און צו דערזעלבער צייט זיך גע־וויצעלט. זי איז געשטאַנען מיט די הענט אין די קלובעס און געלאַכט אויפ׳ן קול. אַלע זיינען געווען פריילּיך. נאָר איין וואָלקענדעל איז געווען אויף זייער לויטערען הימעל: פאָטפעטשמידט איז דאָרט ניט געווען. זיי האָבען זיך אַן איהם פון צייט צו צייט דערמאָנט:

— אַי, ווען ער זאָל דאָ זיין! ער וואָלט עס געגעסען! ער וואָלט עס געטרונקען! און אַי וואָלט ער געזונגען!

די שבחים איבער איהם האָבען גאָרניט אויפגעהערט.

— ווען קריסטאָף זאָל איהם נאָר געווען הערען! און אפשר וועט ער איהם הערען. אפשר וועט פאָטפעטשמידט צוריק־

קומען היינט אָבענט — היינט ביי נאַכט אין שפּעטסטענס...
— אָה! היינט ביינאַכט וועל איך שוין זיין ווייט פון דאַנען. — האָט זיך קריסטאָף אָפּגערופען.
שולץ'עס שיינענדיג פּנים איז פאַרוואָלקענט געוואָרען.
וואָס? שוין? האָט ער אויסגערופען מיט א ציטער־רענדיגער שטים. ניין, איהר וועט אזוי גיך ניט אוועק־פאָהרען!
— יאָ! האָט קריסטאָף מונטער אויסגערופען — איך מוז כאַפּען דעם צוג היינט אָבענט.
שולץ איז געבליבען ווי דערשלאָגען. ער האָט גערעכענט אז קריסטאָף וועט ביי איהם פאַרבלייבען איבער דער נאַכט — און אפשר נאָך א פּאָר נעכט. ער האָט געמורמעלט:
— ניין, ניין! דאָס איז ניט מעגליך.
קונץ האָט איבערגע'חזר'ט:
— און פּאָטפּעטשמידט!..
קריסטאָף האָט זיי ביידען אָנגעקוקט: די אנטוישונג האָט זיך אזוי טיעף אויסגעדריקט אויף זייערע גוטע אַלטע פּנים'ער, אז ער איז דערפון געריהרט געוואָרען און געזאָגט:
— ווי גוט איהר זייט!.. אויב איהר ווילט דוקא, וועל איך ערשט מאָרגען אָפּפאָהרען!
שולץ האָט איהם אָנגעכאַפּט די האַנט.
— אָ! ווי גליקליך איהר מאַכט מיר דערמיט! א דאַנק! א דאַנק אייך!
ער איז געווען ווי א קינד, וועמען ס'דאַכט זיך אז דער מאָרגענדיגער טאָג איז ווייט, ווייט,—אזוי ווייט אז מ'דאַרף גאָר דערפון ניט טראַכטען. קריסטאָף פאָהרט היינט ניט אוועק, זיי וועלען איהם האָבען דעם גאַנצען אָבענט פאַר זיך, זיי וועלען צוזאַמען פאַרברענגען דעם גאַנצען אָבענט, זיי

וועלען שלאָפען אונטער איין דאַך: נאָר דאָס האָט שולץ פאַר זיך געזעהן, ווייטער האָט ער ניט געוואָלט קוקען.

זיי זיינען ווידער פריילי‌ך געוואָרען. שולץ האָט זיך פּלוצלונג אין א פייערליך־ערנסטער שטימונג אויפגעהויבען, געהאַלטען א קורצע רעדע און געטרונקען א טאָסט לכבוד דעם גאַסט „וואָס האָט זיי פאַרשאַפט די גרויסע פרייד און עהרע צו באַזוכען זייער שטעטעל און איבערטרעטען די שוועל פון זיין איינפאַכען הויז"; ער האָט געטרונקען פאַר זיין גליקליכען אהיים־קעהר, פאַר זיין ערפאָלג, פאַר זיין באַרימקייט, צום גליק פון דער גאַנצער וועלט — און דאָס האָט ער איהם געוואונשען מיט'ן גאַנצען הארצען. נאָכדעם האָט ער אויפגעהויבען א טאָסט „פאַר דער נאָבעלער מוזיק" — א טאָסט פאַר זיין פריינד קונץ — נאָך איינעם פאַר'ן פריהדלינג — און ער האָט אויך ניט פאַרגעסען פאָטפעטשמידט'ן. קונץ האָט פון זייט געטרונקען צום געזונד פון שולץ'ן און פאַר די אנדערע. און קריסטאָף נאָך זיי האָט אַלס קליימאַקס אויך געטרונקען פאַר דאָס געזונט פון „פרוי סאָלאָמע", וועלכע איז דערביי פלאַם־רויט געוואָרען. נאָך דעם, ניט געבענדיג די רעדנער קיין געלעגענהייט צו ענטפערען, האָט ער אָנגעפאַנגען שפּיעלען א באַקאַנט ליעד, וועלכעם די צוויי אַלטע האָבען אונטערגעכאַפּט; און נאָך דעם אַן אַנדערס, און באַלד נאָך דעם נאָך אַן אַנדערס — א טריאָ — וואו דער מחבר האָט צונויפגעפלאָכטען דעם באַגעהר נאָך פריינדשאַפט, נאָך מוזיק און נאָך וויין; און דאָס אַלץ האָבען זיי אַלע דריי באַגלייט מיט א הויכען געלעכטער, מיט לחיים'ס און מיט'ן קלאַנג פון גלעזלאַך. וואָס שטויסען זיך אָן איינע די אנדערע.

דער זייגער איז שוין געווען האַלב־פיער, ווען זיי האָבען זיך אויפגעהויבען פונ'ם טיש. זיי האָבען זיך געפיהלט

שווערלאַך, שלעפּערדיג. קונץ איז אַריינגעפאַלען אין אַ פאָר־טעל און געוואָלט כאַפּען אַ דרעמעל. שולץ'ן האָבען די פּיס געבראָכען פון דער פאַרמיטאָג'דיגער אויפרעגונג און פון די טאַסטען. זיי האָבען ביידע געהאָפט אַז קריסטאָף וועט זיך ווידער אוועקזעצען ביי דער פּיאַנאָ און שפּיעלען שטונדען־לאַנג. דער פאַרשייטער בחור, אַ פריילי‎כער און אויפגעלעג־טער, האָט אָבער בלויז אויסגעקלאַפּט אַ פּאָר אַקאָרדען אויף דער פּיאַנאָ און זי פּלוצלונג פאַרמאַכט. ער האָט גענומען אַרויסקוקען דורכ'ן פענסטער און געפרעגט: צו מען וואָלט זיך ניט געקאָנט אביסעל דורכשפּאַצירען ביז'ן אָבענט־ברויט. די לאַנדשאַפט האָט איהם צוגעצויגען. קונץ האָט אַרויסגע־וויזען ווייניג־וואָס ענטוזיאַזם; אָבער שולץ'ן איז דער גע־דאַנק באַלד שטאַרק געפעלען געוואָרען. ער האָט ערקלערט אַז מ'מוז דעם גאַסט וויי‎זען די געגענד אַרום די ש ע ה נ ־ ב ו כ ו ו ע ל ד ע ר. קונץ האָט זיך אַביסעל געקרימט, ער האָט אָבער גאָרניט געזאָגט געגען דעם און זיך אויפגעהוי־בען גלייך מיט די אַנדערע: ער האָט אויך געוואָלט ווייזען קריסטאָף'ן די שעהנע אַרומיגע לאַנדשאַפטען.

זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען. קריסטאָף האָט אַנגענומען שולץ'ן ביים אָרעם און איז מיט איהם געגאַנגען אַ ביסעל שנעלער ווי דעם אַלטען האָט זיך געוואָלט. קונץ איז זיי נאָכגעגאַנגען זיך ווישענדיג דעם שטערען. זיי האָבען צוויי־שען זיך לוסטיג גערעדט. די מענשען וואָס זיינען געשטאַ־נען אויף די שוועלען פון זייערע טירען האָבען אויף זיי גע־קוקט בעת זיי זיינען פאַרביי געגאַנגען און ס'האָט זיך זיי געדאַכט אַז ד ע ר ה ע ר פּ ר אָ פ ע ס אָ ר שולץ זעהט היינט אויס ווי אַ יונגער־מאַן. אַרויסגעהענדיג פון שטאָט האָבען זיי זיך פאַרנומען איבער די פעלדער. קונץ האָט זיך

באקלאגט אויף דער היץ. קריסטאף האט קיין רחמנות ניט געהאט און געזאגט, אז די לופט איז אויסגעצייכענט. צום גליק פאר די צוויי אלטע לייט האט מען זיך אלעמאל אפגעשטעלט צוליעב פארשיידענע וכוחים, און צוליעב דעם געשפרעך האבען זיי פארגעסען אז דער שפאציר ציהט זיך לאנג. מ'איז אריינגעגאנגען אין וואלד. שולץ האט דעקלאמירט פאעמען פון געטע און מעריק. קריסטאף האט אויך ליעב געהאט די פאעזי, אבער ער האט קיינמאל ניט געקאנט אויסווענדיג קיין פערזען. ער האט זיך צוגעהערט צו שולץ'ן; ביסלעכווייז האט ער זיך אבער פאר'חלום'ט און געהערט מוזיק־מעלאדיען אנשטאט דעם אלטען'ס ווערטער. ער האט באוואונדערט שולץ'ס זכרון. וואס פאר אן אונטערשייד צווישען אט דעם קראנקען זקן, דעם שלאפען מענשען, וועלכער איז א טייל פונ'ם יאהר אפגעשלאסען אין זיין צימער און דאס גאנצע לעבען כמעט אפגעשלאסען אין דער פראווינציעלער שטאט — און האסלער'ן, וועלכער איז יונג, באריהמט, לעבט אין סאמע צענטער פון אלע קונסט־שטרעמונגען, פאהרט איבער גאנץ אייראפא צוליעב זיינע קאנצערטען, און אינטערעסירט זיך דאך ניט מיט גארניט און וויל ניט וויסען פון גארניט! שולץ האט ניט נאר געוואוסט אלע נייעס פון דער מוזיק־וועלט וואס איז קריסטאף'ן באקאנט געווען, נאר ער האט אויך געוואוסט א סך זאכען וועגען די אמאליגע און די פרעמדע קינסטלער, פון וועלכע קריסטאף האט אפילו ניט געהערט. זיין זכרון איז געווען א טיעפער קוואל וואו אלע שעהנסטע הימלישע וואסערען האבען זיך צונויפגעקליבען. קריסטאף איז ניט מיעד געווארען שעפענדיג דערפון און שולץ האט זיך געפיהלט גליקליך מיט קריסטאף'ס אינטערעס. ער האט אמאל אנגעטראפען

אויף גוטע צוהערערס און געהאָרכזאַמע תּלמידים, ער האָט אָבער נאָך קיינמאָל ניט געפונען קיין יונג, שטורעמדע האַרץ מיט וועלכען ער זאָל זיך קאָנען טיילען די באַגייסטערונג וואָס האָט אין איהם טיילמאָל אויפגעשטורעמט — ביז דער־שטיקט צו ווערען.

זיי זיינען אין דער קורצער צייט געוואָרען אמת'ע בוזים פריינד. דורך א צופאַל האָט אָבער פּלוצלונג דער אַל־טער שולץ גענומען ריידען פון בראַהמס'ן און אויסדריקען זיין באַוואונדערונג פאר איהם. קריסטאָף איז אין כעס גע־וואָרען. ער האָט אָפּגעלאָזט שולץ'ס אָרעם און געזאָגט מיט א שניידענדען טאָן אַז דער וואָס האָט ליעב בראַהמס'ן קאָן זיין פריינד ניט זיין. דאָס האָט זייער פריי־ליכע שטימונג אָפּ־געקיהלט ווי מיט קאַלטע וואַסער. שולץ איז געווען א צו באַשיידענער זיך אויסצו'טענה'ן און א צו אויפריכטיגער א ליגען צו זאָגען; ער האָט געשטאַמעלט, געמורמעלט און געפּרואווט ערקלערען. קריסטאָף האָט איהם אָבער אָפּגע־שטעלט:

— גענוג!..

ער האָט דאָס ארויסגעזאָגט מיט אַזא שניידענדען קול, אַז ס'איז שוין אומעגליך געווען צו ענטפערען. א קאַלטע שטילקייט איז אריינגעטראָטען. זיי זיינען ווייטער געגאַנ־גען. די צוויי זקנים האָבען ווי מורא געהאַט צו קוקען איי־נער אויפ'ן צווייטען. קונץ האָט נאָך א לענגערער פּאַוזע גענומען צוהוסטען און געפּרואווט אויפלעבען דעם געשפּרעך, ריידענדיג וועגען דעם וואַלד און דעם שעהנעם וועטער. קריסטאָף אַז אַנגעכמורעטער האָט אָבער ניט געוואָלט ריי־דען און בלויז געענטפערט מיט האַלבע ווערטער. זעהענדיג אַז ער קאָן גאַרניט מאַכען מיט קריסטאָף'ן האָט קונץ, אום

צו ברעכען די שטילקייט, געפּרואווט אנפאנגען ריידען מיט שולץ'ן; שולץ'ן איז אבער דער האלז געווען איינגעצויגען און ער האט פשוט ניט געקאנט ריידען. קריסטאף האט אויף זיי געוואָרפען א פאר'גנב'טען בליק און געוואָלט אויסשיסען אין א געלעכטער. ער האט זיי שוין מוחל געווען. ער איז אויף זיי פריהער אויך ניט שטארק אין כעס געווען; ער האט זיך אפילו פארגעוואָרפען, אז ער איז ממש א גזלן דערמיט וואס ער האט פארטרויערט דעם אלטינקען. ער האט מיס־ברויכט זיין קראפט און ניט געוואָלט אויסזעהן ווי איינער וואס האט חרטה אויף דעם וואס ער האט פריהער געזאגט. זיי זיינען אזוי פארבליבען ביז צום ארויסגאנג פון וואלד; ס'איז געווען שטיל און מ'האט נאר געהערט די שארענדיגע טריט פון די צוויי אומעטיגע אלטע לייט. קריסטאף אליין האט געפייפט און זיך אויף זיי ווי ניט אומגעקוקט. פלוצ־לונג האט ער זיך אפגעשטעלט; ער האט שוין מעהר ניט גע־קאנט אויסהאלטען און זיך אויסגעדרעהט צו שולץ'ן איהם אנכאפענדיג ביי די ארעמס מיט זיינע פעסטע הענט:

— מיין טייערער אלטער, גוטער שולץ — האט ער אויסגערופען איהם אנקוקענדיג מיט ליעבשאפט, — ווי שעהן דאס איז!

ער האט גערעדט פון דער לאנדשאפט ארום, און פון דעם שעהנעם טאג; אבער זיינע לאכענדיגע אויגען האבען ווי געזאגט: — דו ביזט גוט. איך בין אן אכזר. זיי מיר מוחל! איך האב דיך שטארק ליעב.

דעם אלטען'ס הארץ איז ווי צוגאנגען, — אזוי ווי ווען די זון קומט ארויס פון הינטער א שווערען וואלקען און באַ־ווייזט זיך ווידער. ס'האט איהם גענומען א פאר מינוטען

איידער ער האָט געקאָנט אַרויסריידן אַ וואָרט. קריסטאָף האָט איהם געהאַט אָנגענומען ביים אָרעם און מיט איהם געשמועסט נאָך פריינדליכער ווי פריהער. ער האָט פריילוך געשפּרייזט וואָס אַ מאָל שנעלער און גאָרניט באַמערקט, אַז ער מאַטערט דערמיט אויס זיינע צוויי באַגלייטערס. שולץ האָט זיך ניט באַקלאָגט; ער איז געווען אַזוי גוט אויפגע־לעגט, אַז ער האָט אפילו ניט דערפיהלט די מיעדקייט. ער האָט געוואוסט אַז ער וועט פאַר דאָס אַלעס טייער באַצאָה־לען; ער האָט זיך אָבער געטראַכט:

— אַ דאגה מיר! — אויף מאָרגען ווען ע ר וועט אוועקפאָהרען, וועל איך האָבען גענוג צייט זיך אויסצורוהען.

קונץ איז אָבער געווען געלאַסענער. ער האָט זיך הינ־טער זיי נאָכגעשלעפּט און געהאַט אַ רחמנות׳דיגען אויס־זעהן. קריסטאָף האָט עס ענדליך דערזעהן. ער האָט זיך ענטשולדיגט, מיט אַ פאַרשעהמטער מינע און זיי פאָרגעשלאָ־גען זיי זאָלען זיך אָביסעל אויסרוהען אויפ׳ן פעלד אונטער׳ן שאָטען פון אַ פּאָר דעמבע־בוימער. שולץ האָט נאַטירליך איינגעשטימט ניט טראַכטענדיג אפילו צו דאָס איז גוט פאַר זיין קראַנקער ברוסט. קונץ האָט עס איהם אָבער דערמאָנט, אָדער ווייניגסטענס האָט עס איהם געדינט אַלס אַ תירוץ, כדי פאַרשוויצטערהייט ניט איינצושטעלען זיין געזונט אין דער פייכטקייט פון גראָז. ער האָט זיי בעסער פאָרגעשלאָ־גען זיי זאָלען צוגעהן ביז צו דער דערבייאיגער סטאַנציע און דאָרט נעהמען די באַהן צוריק אין שטאָט אריין. זיי האָ־בען אַזוי געטאָן; און ניט קוקענדיג אויף זייער מיעדקייט, האָבען זיי זיך געמוזט צואיילען כדי ניט צו פאַרשפּעטיגען דעם צוג. זיי זיינען צוגעקומען צום וואָקזאַל פּונקט בעת דער צוג איז אָנגעקומען.

און דא איז עטוואס אומערווארטעטעס געשעהן. א הויכער, פעסט־געבויטער מענש האט זיי דערזעהן און זיך ארויסגעריסען פונ'ם וואגאן, אויסשרייענדיג מיט א מורא'־דיגען קול, שולץ'עס און קונץ'עס נעמען, צוזאמען מיט זיי־ערע טיטולען און מעלות און ווארפענדיג מיט די הענט ווי א משוגע'נער. שולץ און קונץ האבען איהם אפגעענטפערט מיט א געשריי און אויך גענומען ווארפען מיט די הענט. זיי זיינען צוגעשפרונגען צו דעם פארשוינ'ס וואגאן, און ער איז זיי אויך אנטקעגען געלאפען אפשטויסענדיג די פאסאזשי־רען אויפ'ן וועג. קריסטאף, אן אנגעשראקענער, איז זיי נאכגעלאפען און געפרעגט:

— וואס איז אזוינס?

די צוויי אלטע האבען שטורמיש געענטפערט:

— ס'איז דאך פאטפעטשמידט!

דער נאמען האט איהם וועניג־וואס געזאגט. ער האט פארגעסען אן די טאסטען ביים מיטאג. פאטפעטשמידט איז דערווייל געשטאנען אויף דער פלאטפארמע פון וואגאן און שולץ און קונץ אויף די טרעפ און אלע דריי האבען זיי גע־מאכט א פארטויבענדען גערודער: זיי האבען זיך גע'חידוש'ט איבער זייער גליקליכען צוזאמענטרעף: זיי זיינען אלע ארויפגעשפרונגען אויף דעם אפגעהענדען צוג. שולץ האט זיי פארגעשטעלט. פאטפעטשמידט, וועמעס פנים איז פלוצ־לונג ווי פארשטיינערט געווארען האט זיך שטייף ווי א סאל־דאט פארנייגט; נאך די פארמאליטעטען אבער, האט ער זיך א ווארף געטאן אויף קריסטאף'ן, איהם גענומען דריקען די האנט פינף־זעקס מאל, אזוי ווי ער וואלט זיי וועלען אויס־רייסען; און ווייטער אנגעהויבען ליארמען. קריסטאף האט אין די געשרייען דערהערט אז ער, פאטפעטשמידט, דאנקט

גאָט און דער השגחה וואָס ער האָט זוכה געווען איהם צו באַגעגנען. שפּעטער א ווײלע האָט ער זיך אָבער געגעבען א פּאַטש איבער'ן פּוס און גענומען שרייען אויף זיין שלים־מזל וואָס האָט איהם, וועלכער איז שטענדיג אין שטאָט — ארויסגעשיקט פון דאָרט פונקט ווען דער הערקאַ־פּעלמייסטער האָט געדאַרפט אָנקומען. שולץ'עס דעפּעשע איז איהם ערשט איבערגעגעבען געוואָרען אין דער פריה, א שעה נאָכדעם ווי דער ערשטער צוג איז אָפּגעפאָה־רען. ער איז געשלאָפען ווען די טעלעגראַמע איז אָנגעקו־מען און די מענשען ארום האָבען גערעכענט אז זיי דאַרפען איהם ניט אויפוועקען. ער האָט איבער דעם געוואָלדעוועט דעם גאַנצען פאַרמיטאָג. ער האָט משלח געווען זיינע קליענ־טען, אויפגעגעבען אַלץ וואָס ער האָט געדאַרפט טאָן און זיך געאײלט אהיימצוקומען און גענומען דעם ערשטען צוג; אָבער דער צוג האָט צום אומגליק ניט געהאַט קיין פאַרביג־דונג מיט דער הויפּט־ליניע. פּאַטפּעטשמידט האָט געמוזט וואַרטען דריי שעה אויף א סטאַנציע; ער האָט שוין געהאַט אויסגעשעפּט זיין גאַנצען לשון און צוואַנציג מאָל איבער־דערצעהלט זיין אומגליקליכע רייזע צו די רייזענדע וואָס האָ־בען גלייך מיט איהם געוואַרט און צו דעם טרעגער אויפ'ן וואָקזאַל און געציטערט טאָמער וועט ער אָנקומען צו שפּעט... אָבער גאָט צו דאַנקען. גאָט צו דאַנקען!..

ער האָט ווידער אַנגענומען קריסטאָף'ס הענט און זיי ווי צוקוועטשט צווישען זיינע לאַפּעס מיט די האָריגע פינ־גער. ער איז געווען משונה גראָב און הויך; א פיער־עקיגער קאָפּ, רויטליכע, גלאַט־געשניטענע האָר, א געשטופּעלטער, רייז־ראַזירטער פּנים, גרויסע אויגען, א גרויסע, גראָבע נאָז, גראָבע ליפּען, א דאָפּעלטער גוידער, א קורצע האַלז, אומ־

געהייער גרויסע פלייצעס, א בויך ווי א פאס, ארעמס וועל־
כע האבען זיך ווי ארויסגעריסען פונ'ם קערפער, משונה־
גרויסע הענט און פיס — א ריעזיגע מאסע פלייש, פארנאנ־
דערגעגאסען און פארמיאוסט דורך דאס צופיעל עסען און
טרינקען—א גרויסער טאבאק־טאפ, מיט א מענשליכען פנים,
פון די וואס מ'זעהט אמאל אויף די גאסען פון די בייערישע
שטעט. און וועלכע האלטען אין זיך דעם סוד פון דעם מענש־
ליכען מין—וואס ווערען געשטאפט און וואקסען אויס אויף
דעם זעלבען שטייגער ווי די שטראסבורגער גענז. פון פרייד
און פון ווארעמקייט האט ער געגלאנצט ווי א גרויס שטיק
פוטער; און מיט די הענט אויף זיינע אדער זיינע שכנים'ס
צוושפרייטע פיס האט ער געהאלטען אין איין ריידען, גע־
לופטערט די הארטע קאנסאנאנטען און זיי ארויסגעווארפען
מיט דער קראפט פון א ווארפמאשין. פון צייט צו צייט האט
איהם אנגעכאפט א געלעכטער, פון וועלכען ער האט זיך אין
גאנצען געטרייסעלט: ער פלעגט צוריקווארפען דעם קאפ,
עפענען די מויל, כארכלען, ברומען און זיך שטיקען. זיין
געלעכטער האט געווירקט אויך אויף שולץ'ן און קונץ'ן, און
ווען זיי פלעגען זיך גענוג אנלאכען, פלעגען זיי קוקען אויף
קריסטאף'ן און זיך אפווישען די אויגען. ס'האט אויסגעזעהן
אזוי ווי זיי וואלטען איהם געפרעגט:

— הא !.. וואס זאגט איהר עפעס דערצו ?

קריסטאף האט אבער גארניט געזאגט און זיך נאר גע־
טראכט:

— און אט דאס פארזעהעניש זינגט עס מיינע ליעדער?

זיי זיינען אהיימגעגאנגען צו שולץ'ן. קריסטאף האט
זעהר געוואלט אויסמיידען פאטפעטשמידט'ס זינגען, און
האט איהם אז דעם גארניט דערמאנט, כאטש יענער האט

איהם א פּאָר אַנצוהערעניש‏ען געגעבען און האָט געבּרענט מ׳זאָל הערען זיין קול. אָבער שולץ און קונץ האָבען שטאַרק געגאַרט ארויסצואווייזען וואָס זייער פריינד קאָן, און קריס־טאָף האָט געמוזט הערען. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער פּיאַנאָ מיט אַן אומצופרידענער מינע. ער האָט זיך געטראַכט:

— אי, פּעטער׳ל, פּעטער׳ל, דו ווייסט גאָר ניט וואָס ס׳וואַרט אויף דיר! גיב אַכטונג! כ׳וועל דיר גאָרניט שענ־קען.

ער האָט זיך אויך געטראַכט אַז דערמיט וועט ער ער־גערען שולץ׳ן און דאָס האָט איהם באמת פאַרדראָסען. אָבער ער איז דאָך געווען מעהר אַנטשלאָסען איהם צו ער־גערען איידער צו שאַנעווען דעם פאַלסטאַף וואָס וויל א תל מאַכען פון זיין מוזיק. ער האָט זיך אָבער פאַרשפּאָרט די יסורים פון וועה טאָן זיין אַלטען פריינד: פּאָטפּעטשמידט האָט אויסגעצייכענט געזונגען. גלייך נאָך די ערשטע פּאָר טענער האָט זיך קריסטאָף פון איבעראַשונג א הויב געטאָן. שולץ וואָס האָט פון איהם ניט אראָפּגענומען די אויגען, האָט אויפגעציטערט. ער האָט גערעכענט אַז קריסטאָף איז אומ־צופרידען, און האָט זיך ערשט בארוהיגט ווען ער האָט גע־זעהן אַז זיין געזיכט ווערט וואָס ווייטער אַלץ מעהר באַלויכ־טען. ער אַליין האָט פון פרייד געשיינט; און ווען פּאָט־פּעטשמידט האָט אָפּגעזונגען דאָס ל י ע ד און קריסטאָף האָט זיך אומגעדרעהט אויסשרייענדיג אַז ער האָט נאָך קיינ־מאָל ניט געהערט אַזוי זינגען קיינע פון זיינע ליעדער — האָט שולץ דורכגעפיהלט א פרייד וואָס איז געווען זיסער און מיעפער ווי קריסטאָף׳ס צופרידענהייט און פּאָטפּעט־שמידט׳ס נצחון־געפיהל. וואָרום זיי האָבען נאָר געהאַט זיי־

ער אייגענע פארגעניגען, שולץ אבער האט געהאט זייערע ביידענ'ס פארגעניגען. מ'האט ווייטער געשפיעלט און גע־זונגען. קריסטאף האט יעדעס מאל פארוואונדערט אויסגע־שריען: ער האט ניט געקאנט פארשטעהן ווי אזוי די שווע־רע באשעפעניש דריקט אזוי גוט אויס דעם געדאנק פון זיינע ליעדער. אמת — ס'האט נאך געפעהלט די פינקטליכע ניו־אנסען; ס'האט זיך אבער געפיהלט דער שוואונג, די ליידענ־שאפט, וואס ס'האט זיך איהם קיינמאל ניט איינגעגעבען אי־בערצוגעבען צו די פראפעסיאנעלע זינגער. ער האט אנגע־קוקט פאטפעטשמידט'ן און זיך געפרעגט:

— פיהלט ער דאס טאקע?

ער האט אבער אין פאטפעטשמידט'ס אויגען נאר גע־זעהן דאס ליכט פון א צופרידענגעשטעלטער גאוה. אן אומ־באוואוסטע קראפט האט באוועגט אט די שווערע מאשין; די דאזיגע בלינדע און פאסיווע קראפט איז געווען ווי אן ארמיי, וועלכע שלאגט זיך ניט־וויסענדיג קעגען וועמען און פארוואס זי קעמפט. דער גייסט פון די ליעדער האט אט די מאשין באצוואונגען און זי האט לוסטיג געפאלגט זיין באפעהל; ווייל זי האט געמוזט האבען באוועגונג און אליין וואלט זי געווען אומבאהאלפען.

קריסטאף האט זיך דערביי געטראכט, אז אין דעם טאג פון בריאת העולם האט זיך מסתמא דער גרויסער סקולפטאר ניט געגעבען פיעל מיה אקוראט צונויפ־צושטעלען די צעווארפענע גלידער פון זיינע רוי־אויסגע־שטאלטע באשעפענישען, אז ער האט זיי צונויפגעפארט ווי עס איז געגאנגען און זיך ניט אומגעקוקט צו זיי פאסען זיך איינער צום אנדערען; און אזוי איז יעדער איינציגער אויפ־געבויט געווארען פון פארשיידענע שטיקער און דעם זעלבען

מענש האָט ער צוטיילט אויף פינף־זעקס מענשען: איינער האָט געהאַט דעם מארך, א צווייטער — דאָס האַרץ, און א דריטער דעם קערפּער וואָס האָט געהערט צו אַן אַנדער נשמה; דער אינסטרומענט איז געשטאַנען אויף איין זייט און דער שפּיעלער אויף א צווייטער. געוויסע מענשען זיינען פאַרבליבען ווי די אויסגעצייכענסטע פידלען, אויף אייביג פאַרשלאָסען אין זייערע ק אַ ס ט ע נ ס, ווייל ס'פעהלט דער וואָס זאָל אויף זיי קאָנען שפּיעלען. און די וואָס זיינען באַשאַפען געוועזען אויף זיי צו שפּיעלען, מוזען זייער גאַנצען לעבען זיך באַגנוגען מיט צרה'דיגע, סקריפּענדיקע פידלען. א חוץ אַלעמען האָט ער דאָס אפשר געטראַכט, דערפאַר ווייל ער איז אויף זיך אַליין אין כעס געוועזען, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געקאָנט רעכט אויסזינגען א שטיקעל מוזיק. ער האָט געהאַט א פאַלשע שטים און האָט אויפגעשווידערט זיך צוהערענדיג צו איהר.

דערווייל האָט פאַטפּעטשמידט א פאַר'שכור'טער פון זיין ערפאָלג אָנגעהויבען „אריינצולעגען אויסדרוק“ אין קריסטאָף'ס ליעדער — דאָס הייסט ער האָט גענומען אריינלעגען זיין אייגענעם אויסדרוק אַנשטאַט קריסטאָף'ס. דער בייט איז קריסטאָף'ן ניט געפעלען געוועזען, און ער איז געוואָרען אומעטיג. שולץ האָט דאָס דערזעהן, זיין ווייניג־וואָס קריטישער גייסט און די באַוואונדערונג וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיינע פריינד, וואָלט איהם אַליין באין אופן ניט ערלויבט צו דערפיהלען פאַטפּעטשמיד'ס שלעכטען געשמאַק. אָבער זיין ליעבע צו קריסטאָף'ן האָט איהם געמאַכט פאַרשטעהן די פאַרבאָרגענסטע ניואַנסען פון דעם יונגען קינסטלער'ס געדאַנקען. ער האָט שוין ניט געלעבט אין זיך, נאָר אין קריסטאָף'ן; און ער האָט דערפאַר אויך געליטען פון פאַט־

פּעטשמידט'ס פאַלשער באַטאַנונג. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט איהם אָפּצושטעלען אויף דעם געפעהרליכען וועג באַרג־אַראָפּ. ס'איז אָבער ניט גרינג געווען איינצושטילען פּאַטפּעטשמידט'ן. און ווען ער האָט שוין אויסגעזונגען קריסטאָף'ס גאַנצען רעפּערטואַר איז שולץ'ן שווער אָנגעקומען איהם אָפּצוהאַלטען ער זאָל זיך ניט נעהמען זינגען אַלערליי נאַרישע ליעדלאַך פון די מיטעלמעסיגע קאָמפּאָזיטאָרס, וואָס בלויז ביים דערהערען זייער נאָמען האָט זיך שוין קריסטאָף אָנגעהויבען בלאָזען און ארויסשטעלען זיינע שטעך־האָר ווי א ווילדער חזר.

צום גליק האָט סאַלאָמע גראַדע דעמאָלט אויסגערופען אַז דער נאַכטמאָל איז פאַרטיג און דאָס האָט פּאָטפּעטשמידט'ן פאַרשטאָפּט די מויל. אַן אַנדער געביעט האָט זיך געעפענט, וואו ער האָט געקאָנט ארויסווייזען זיין העלדישקייט. דאָרט האָט ער ניט געהאַט קיין געגנער; און קריסטאָף, וועמען די „הערויִשע אויסצייכנונג" ביים מיטאָג האָט אביסעל אויסגעמאַטערט — האָט גאָר ניט געפּרואווט מיט איהם קעמפען.

די נאַכט איז צוגעפאַלען און ס'האָט אָנגעהויבען ווערען שפּעט. די דריי פריינד זיינען געזעסען ארום טיש און געקוקט אויף קריסטאָף'ן; זיי האָבען געשלונגען זיינע רייד. קריסטאָף'ן האָט אויסגעזעהן מאָדנע וואָס ער געפינט זיך אין דעם קליינעם, פאַרוואָרפענעם שטעטעל, צווישען די אַלטע לייט, וועלכע ער האָט קיינמאָל ביז דעמאָלט ניט געזעהן און פיהלט זיך דאָך מעהר אינטים מיט זיי, ווי ווען זיי זאָלען זיין פון זיין אייגענער משפּחה. ער האָט זיך פאַרטראַכט איבער דעם און ווי וואויל און גוט עס וואָלט געווען יעדען קינסטלער ווען ער זאָל וויסען פון די אומבאַקאַנטע פריינד וועלכע

זיינע געזאַנגען טרעפען אַן אויף דער וועלט — ווי דאָס וואָלט דערקוויקט זיין הארץ און פארגרעסערט זיינע כחות... אָבער דאָס טרעפט גאָר זעלטען; יעדער לעבט אליין און שטאַרבט אַליין, און וואָס מעהר עס ווילט זיך איהם אויס־דריקען דאָס וואָס ער פיהלט, אַלץ מעהר האָט ער מורא דאָס צו טאָן. חונפניקעס האָבען אַ לייכטע צונג, אָבער די וואָס האָבען באמת ליעב מענשען, רייסען קוים אויף זייערע ליפּען אום דאָס ארויסצוזאָגען. און דער קינסטלער דאַרף טאַקע שטאַרק דאַנקבאַר זיין די וואָס וואַגען צו ריידען; זיי זיינען. אָהן זייער וויסען, דעם קינסטלער׳ס מיטאַרבייטער. — קריס־טאָף האָט געפיהלט אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט צום אַלטען שולץ. ער האָט איהם אין געדאַנק אפּגעטיילט פון זיינע צוויי חברים; ער האָט געפיהלט אַז שולץ איז די נשמה פון דער קליינער גרופּע, אַז זיי זיינען בלויז דער אָפּשיין פון דעם ליעבענדען און גוטען פייער וואָס ברענט אין איהם. די פריינדשאַפט וואָס קונץ און פּאָטפּעטשמידט האָבען געפיהלט איז געווען גאָר אַן אַנדערע. קונץ איז געווען אַן עגאָיסט: די מוזיק האָט איהם געמיטליך צופרידענגעשטעלט ווי אַ קאַץ בעת מ׳גלעט זי. פּאָטפּעטשמידט האָט דערמיט געזוכט צו באַפרידיגען זיין גאווה און זיין פאַרלאַנג צו פיזישער איבונג. ניט דער איינער און ניט דער אַנדערער האָט אפילו גע־פּרואווט איהם פאַרשטעהן. שולץ אָבער האָט אַן זיך אין גאַנצען פארגעסען: ער האָט געליעבט.

ס׳איז שוין געווען שפּעט. די צוויי איינגעלאַדענע פריינד זיינען אוועק. קריסטאָף איז געבליבען בלויז מיט שולץ׳ן. ער האָט זיך צו איהם אָפּגערופען:

— איצט וועל איך שפּיעלען פאַר אייך אַליין.

ער האָט זיך געזעצט ביי דער פּיאַנאָ און געשפּיעלט, —

ווי ער האָט געקאָנט שפּילען ווען ער האָט נעבען זיך געהאַט אימעצען וואָס איז איהם ליעב געווען. ער האָט געשפּיעלט א טייל פון זיינע לעצטע קאָמפּאָזיציעס. דער אַלטער איז שטאַרק באגייסטערט געווען. ער איז געזעסען נעבען קריס־טאָף'ן, פון איהם ניט אראָפּגענומען די אויגען און איינגע־האַלטען דעם אָטעם. איבער זיין געוועהנליכער גוטסקייט האָט ער צוליעב זיך אליין ניט געקאָנט געניסען דעם מינדס־טען פאַרגעניגען, און ער האָט געגעבן זיין אייגענעם ווילען געהאַלטען אין איין איבערזאָגען:

— אַה! ס'אַרא שאַד וואָס קונץ איז שוין אוועקגע־גאַנגען! (און דאָס האָט קריסטאָף'ן אויפגערעגט.)

א שטונדע איז אוועק. קריסטאָף האָט אַלץ געשפּיעלט. זיי האָבען צווישען זיך ניט איבערגעביטען קיין וואָרט. ווען קריסטאָף האָט ענדליך אָפּגעשפּיעלט, האָבען זיי אויך קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. אַלץ ארום איז געווען שטיל — דאָס הויז און די גאָס זיינען געשלאָפען. קריסטאָף האָט זיך אויסגדרעהט און געזעהן אז דער אַלטער וויינט: ער האָט זיך אויפגעהויבען און איהם אומאַרעמט. זיי האָבען גענומען ריידען שטיל צווישען זיך — אַזוי ווי זיי וואָלטען ניט וועלען שטערען די רוהיגקייט פון דער נאַכט. דער טיק־טאַק פון'ם וואַנד־זייגער האָט לייכט געקלאַפּט אין א צוויי־טען צימער. שולץ האָט שעפּטשענדיג גערעדט, מיט צונויפ־געלעגטע הענט און אַן איינגעבויגענעם קערפּער. ער האָט געענטפערט קריסטאָף'ן אויף זיינע פראַגען. ער האָט איהם דערצעהלט וועגען זיין לעבען, זיינע אנטוישונגען. אַלעמאָל האָט זיך איהם גערדאַכט אז ער דאַרף זיך ניט באַקלאָגען, און די ווערטער האָבען זיך ארויסגעריסען:

— ניין ס'איז ניט רעכט... איך האָב קיין רעכט ניט זיך צו באַקלאָגן... אַלע זיינען געווען גוט צו מיר...

און ער האָט זיך אין אמת'ן ניט באַקלאָגט; א ניט־ווילענדיגער אומעט האָט זיך געצויגן פון דעם דערצעהלען די געשיכטע פון זיין איינזאַמען לעבען. אין די שמערצליכ־סטע מאָמענטען האָט ער גענומען ריידען פון זיינע פּרינצי־פּען, פון זיינע זעהר אומבאַשטימטע און סענטימענטאַלע אידעאַלען. קריסטאָף האָט דאָס ניט געקאָנט ליידען — אָבער ווער האָט געקאָנט זיין אַזוי גרויזאַם איהר ווידער־צושפּרעכען. אין תוך איז דאָס ניט געווען קיין פעסטער גלויבען; ס'איז מעהר געווען א טיעפער פאַרלאַנג צו גלויבען — אַן אומבאַשטימטע האָפנונג, אַן וועלכער ער האָט זיך אַנגעכאַפּט ווי אַן א רעטונגס־מיטעל. ער האָט געזוכט קריסטאָף'ס הסכמה אין זיינע אויגען. קריסטאָף האָט דער־פיהלט דעם אויפרוף אין זיין פריינד'ס אויגען, וועלכע האָ־בען זיך צו איהם געווענדט מיט א ריהרענדען צוטרויען און איהם געבעטען — און איהם דיקטירט זיין ענטפער. ער האָט איהם געענטפערט, איהם ערקלערט ווערטער וועלכע דער אַלטער האָט ערוואַרט, און איהם דערקוויקט: דער רוהיג־פעסטער גלויבען, דאָס זעלבסט־צוטרויען, די אינער־ליכע אייגענע קראַפט. דער זקן און דער יונגער־מאַן האָבען פאַרגעסען אַז די יאָהרען וואָס טיילען זיי פאַנאַנדער: זיי זיינען געווען איינער נעבען צווייטען ווי ברידער פון דעם זעלבען עלטער, וואָס האָבען זיך האַלט און זוכען זיך צו העל־פען; דער שוואַכערער האָט זיך אַנגעשפּאַרט אַן דעם שטאַר־קערען: דער זקן האָט געזוכט רוה און שוץ אין דעם יונגען־מאַן'ס נשמה.

זיי האָבען זיך צושיידט נאָכ'ן מיטען נאַכט. קריסטאָף

האָט געדאַרפט אויפשטעהן גאַנץ פריה כדי צו כאַפּען דעם זעלבען צוג מיט וועלכען ער איז געקומען. ער האָט זיך דערפאַר טאַקע באַלד אויסגעטאָן. דער אַלטער האָט געהאַט צוגעגרייט זיין צימער, פּונקט ווי ער וואָלט דאָרט דאַרפען פאַרבלייבען עטליכע חדשים. ער האָט אוועקגעשטעלט אויף'ן טיש רויזען אין א וואַזע און א לאַרבער־צווייג. ער האָט אוועקגעלעגט א ריין בויגען לעש־פּאַפּיער אויפ'ן טיש, און האָט דעם זעלבען פריהמאָרגען געלאָזט אריינשטעלען א פּיאַנאָ. דערצו האָט ער אויסגעקליבען, און זיי געלעגט ביים בעט צו־קאָפּענס, עטליכע פון זיינע טייערסטע און באַליעבטעסטע ביכער. ער האָט יעדע קליינינקייט מיט ליעב־שאַפט פאַרזאָרגט. ס'איז אָבער אַלץ גאַנצען געווען איבעריג: קריסטאָף האָט זיך אויף קיין זאַך ניט אומגעקוקט. ער האָט זיך אַנידערגעוואָרפען אויפ'ן בעט און איז באַלד פעסט אַנטשלאָפען געוואָרען.

שולץ איז ניט געשלאָפען. ער האָט זיך פאַרטראַכט איבער דער פרייד וואָס ער האָט יענעם טאָג איבערגעלעבט און איבער דעם צער וואָס ער וועט האָבען ווען קריסטאָף וועט אוועקפאָהרען. ער האָט זיך דערמאָנט אָז אַלץ וואָס זיי האָבען צווישען זיך איבערגערעדט, געקלערט אַז זיין ליעב־בער קריסטאָף שלאָפט נעבען איהם, אויף יענער זייט וואַנט. — די זעלבע וואַנט אָן וועלכער זיין בעט איז אָנגעשפּאַרט. ער איז געווען אויסגעמאַטערט פון מיעדקייט, און געדריקט: ער האָט געפיהלט, אַז ער האָט זיך פאַרקיהלט בעת'ן שפּאַציר, און אַז דאָס וועט איהם אויף'ם ניי צושמידען צום בעט. ער האָט אָבער געהאַט נאָר איין געדאַנק:

— אַבי איך זאָל מיך קאָנען האַלטען אויף די פיס ביז נאָך זיין אוועקפאָהרען!

און ער האָט געציטערט טאָמער באַפאַלט איהם א הוסט וואָס וועט, חלילה, אויפוועקען קריסטאָף׳ן. דאָס הארץ איז איהם פול געווען מיט דאַנקבאַרקייט צו גאָט. ער האָט גע־נומען צוטראַכטען פערזען צום אַלטען סימעאָן׳ס קאַנטאַ: Nunc dimittis דער שוויים האָט פון איהם געדונגען, אבער ער האָט זיך אויפגעהויבען, פאַרזיכטיג קאַפּירט ביי זיין שרייב־טיש די פערזען, צוגעשריבען א פּאָר הארציגע שורות אַלס א ווידמונג, זיך געחתמ׳עט און ניט פארגעסען צו פארצייכנען אונטען דעם דאַטום און די שטונדע. נאָכ־דעם האָט ער זיך צוריקגעלעגט, געציטערט און זיך ניט גע־קאָנט דערוואַרעמען די גאַנצע נאַכט.

ס׳איז טאָג געוואָרען. שולץ האָט מיט א פארקלעמט הארץ געטראַכט פון׳ם נעכטיגען באַגינען. אבער ער איז אויף זיך אין כעס געוואָרען פאר וואָס ער פארשטערט מיט די דאָזיגע געדאַנקען די לעצטע פּאָר גליקליכע מינוטען וואָס זיינען איהם נאָך פארבליבען. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט אז אויף מאָרגען וועט איהם באַנג טאָן נאָך דער איצט־פאר־בייגעהענדער שטונדע, און ער האָט זיך פארגענומען קיין רגע ניט צו פארלירען. ער האָט זיך צוגעהערט צום מינד־סטען שאָרך פון׳ם צווייטען צימער. קריסטאָף האָט זיך אבער נאָך ניט גערירהט. דאָרט וואו ער האָט זיך אנידער־געלעגט, דאָרט איז ער איצט אויך געלעגען. ער האָט זיך די גאַנצע נאַכט קיין ריהר ניט געטאָן. דער זייגער האָט שוין געקלונגען האַלב זיבען און ער איז נאָך אַלץ געשלאָפען. ס׳איז געווען די גרינגסטע זאַך איהם צו לאָזען פארשפּעטי־גען דעם צוג און קריסטאָף וואָלט עס אודאי ניט ערנסט גע־נומען. דעם אַלטען שולץ׳ס געוויסען איז אבער געווען צו איידעל אזוי זיך צו באַגעהן מיט א פריינד—ווען דער פריינד

איז דערצו ניט מסכים. אומזיסט האָט ער אין זיך געהאַל־טען אין איין איבערטראַכטען:

—ס'וועט ניט הייסען מיין שולד. איך האָב מיך אין דעם ניט געמישט. איך דאַרף נאָר שווייגען. און אויב ער שטעהט ניט אויף צו דער צייט וועל איך נאָך קאָנען מיט איהם פאַרברייננגען א גאַנצען טאָג.

א שטים האָט איהם אָבער געענטפערט:

— ניין, איך האָב ניט דאָס רעכט דערצו.

ער האָט גערעכענט, אז ס'איז זיין פליכט איהם אויפ־צואוועקען. ער האָט אָנגעקלאַפּט אָן טיר. קריסטאָף האָט עס ניט באַלד דערהערט. ער האָט געמוזט נאָכאַמאָל קלאַ־פּען. דאָס האָט דעם אַלטען וועה געטאָן און ער האָט זיך גע־טראַכט:

— א! ווי געשמאַק ער שלאָפט דאָרט! ער וואָלט אזוי אָפּגעשלאָפען ביז מיטאָג־צייט!..

ענדליך האָט קריסטאָף'ס פרייליכער קול געענטפערט פון דער אַנדערער זייט טיר. ווען ער האָט זיך דערוואוסט ווי שפּעט ס'איז, האָט ער הויך אויסגעשריען. און שולץ האָט געהערט ווי ער געהט האַסטיג ארום איבער'ן צימער און טוט זיך רוישיג אָן, זינגט זיך דערביי א ליעדעל, וואַרפט צו דעם אַלטען א פּאָר פריינדליכע ווערטער דורך דער וואַנט און מאַכט נאָך דערצו א וויץ־צוויי פון וועלכע שולץ האָט, ניט קוקענדיג אויף זיינע יסורים, געמוזט לאַכען. די טיר האָט זיך געעפענט, און ער איז ארויסגעקומען א פרישער, אַ אויסגערוהטער, מיט א שיינענד געזיכט: ס'איז איהם גאַרניט איינגעפאַלען, אז ער פאַרשאַפט אימעצען שמערצען דערמיט. אין אמת'ן האָט ער זיך גאָר ניט געדאַרפט אזוי איילען אוועקצופאָהרען; ער האָט גרינג געקאָנט פאַרבלייבען

נאָך א פּאָר טעג און דערמיט פאַרשאַפען גרויס פאַרגעניגען שולץ'ן. קריסטאָף האָט אָבער דערפון ניט געטראַכט. א חוץ דעם האָט זיך איהם פּשוט געוואָלט אוועק פאָהרען כאָטש ער האָט דעם אַלטען באמת ליעב געקראָגען; ער איז מיעד געווען פון דעם פריהעריגען טאָג מיט'ן שטענדיגען ריידען, און פון די מענשען וועלכע האָבען זיך מיט זייער ליעבע אַז איהם אָנגעכאַפּט ווי פאַרצווייפעלטע. און אויסער דעם איז ער דאָך געווען יונג; ער האָט גערעכענט אַז ער וועט נאָך האָבען צייט זיי א צווייטען מאָל צו זעהן: ער פאָהרט דאָך ניט אוועק אין עק וועלט! — דער אַלטער האָט געוואוסט, אַז ער וועט אין גיכען זיין נאָך ווייטער ווי די עק וועלט און האָט אויף קריסטאָף'ן געקוקט, ווי איינער וואָס זעגענט זיך אָפּ אויף אייביג.

ניט קוקענדיג אויף זיין אויסגעמאַטערטקייט האָט ער איהם באַגלייט צום וואַקזאַל. א דראָבנער, קאַלטער רעגען איז געפאַלען. קריסטאָף האָט זיך ביים באַהן־הויף ארומ־געזעהן, עפענדיג זיין פּאַרט־מאָנע, אַז ער האָט ניט גענוג געלט זיך צו קויפען א בילעט ביז אהיים צו זיין שטעטעל. ער האָט געוואוסט אַז שולץ וועט איהם גערן לייהען דאָס נויטיגע געלט; ער האָט עס פון איהם ניט געוואָלט בעטען... פאַרוואָס? פאַרוואָס ניט פאַרשאַפען די פרייד צו די וואָס האָבען אונז ליעב, זיי זאָלען אונז מיט עפּעס באַהילפיג זיין?.. קריסטאָף האָט עס ניט געוואָלט... צוליעב טאַקט... אָדער אפשר צוליעב גאוה. ער האָט גענומען א בילעט ביז צו א געוויסער סטאַנציע און פון דאָרט האָט ער גערעכענט צוצוגעהן צופוס אהיים.

און אָט האָט שוין דער צוג געדאַרפט אָפּגעהן. אויף די טרעפּ פונ'ם וואַגאָן האָבען זיי זיך אומאַרעמט און גע־

קושט. שולץ האָט אריינגערוקט קריסטאָף'ן אין דער האַנט אריין די פּאָעמע וואָס ער האָט אָנגעשריבען דורך דער נאַכט. ער איז געבליבען שטעהן אויפ'ן באַהן־שטייג נעבען וואַ־גאָן. זיי האָבען שוין גאָרניט געהאַט וואָס זיך צו זאָגען — ווי עס מאַכט זיך אָפט ווען דאָס געזעגענען פאַרציהט זיך. שולץ'ס אויגען האָבען אָבער גערעדט, ניט אויפגעהערט ריי־דען; ער האָט זיי ניט אַראָפּגענומען פון קריסטאָף'ס פּנים ביז דער צוג איז ניט אָפּגעגאַנגען.

דער וואָגאָן האָט זיך באַלד פאַרקירעוועט און איז פאַר־שוואונדען. שולץ איז געבליבען אַליין. ער האָט זיך אהיים־געלאָזט איבער דער בלאָטיגער גאַס; ער האָט זיך געשלעפּט; ער האָט פּלוצלונג שטאַרקער דערפיהלט די מיעדקייט, די קעלט און די אומעטיגקייט פון דעם רעגענדיגען טאָג. ער איז קוים דערגאַנגען אהיים, קוים אַרויף די טרעפּ. און ווי ער איז נאָר אריין אין זיין צימער איז אויף איהם אָנגעפאַ־לען א שטיקעניש און א מורא'דיגער הוסט. סאַלאָמע איז געקומען צולויפען. אין מיטען פון זיין ניט־ווילענדיגען קרעכ־צען האָט ער געהאַלטען אין איין איבערזאָגען:

— א גליק! ס'אַר א גליק וואָס ס'איז ניט געשעהן פאַר זיין...

ער האָט זיך געפיהלט שטאַרק קראַנק. ער האָט זיך געלעגט אין בעט אריין. סאַלאָמע איז געלאָפען רופען דעם דאָקטאָר. אין בעט האָט ער געפיהלט ווי דער קערפּער צו־פאַלט זיך; ער האָט זיך ניט געקאָנט א ריהר טאָן; ער האָט נאָר געסאָפּעט און געבלאָזען ווי דער קוימען פון א פאַב־ריק. דער קאָפּ איז איהם געווען שווער און פיבעריש. דעם גאַנצען טאָג האָט ער נאָר געטראַכט פון דעם פריהעריגען

טאָג און איבערגעלעבט יעדע מינוט. ער האָט זיך דערמיט געמאַטערט און איז דאָך דערנאָך אין כעס געוואָרען וואָס ער באַקלאָגט זיך נאָך אַזאַ גליק. מיט די הענט צונויפגעלעגט און מיט אַ האַרץ פול מיט ליעבע, האָט ער געדאַנקט גאָט.

קריסטאף האט זיך נאך דעם טאג געפיהלט א בארוהיג־
טער. דער געפיהל אז ער לאזט הינטער זיך ליעבענדע הער־
צער האט איהם אויך געגעבען מעהר צוטרויען צו זיך. —
און ער האט זיך געלאזט אהיים פאהרען. אנקומענדיג צו
דער סטאנציע ביז וואנענט דער בילעט איז געווען גילטיג,
איז ער לוסטיג אראפגעשטיגען און זיך גענומען געהן צו
פוס. ער האט געדארפט מאכען א זעכציג מייל. ער האט
זיך ניט געאיילט און איז זיך מונטער געגאנגען ווי א שול־
אינגעל. ס'איז געווען אין אפריל. די לאנדשאפט האט ערשט
ניט לאנג אראפגעווארפען פון זיך דעם ווינטער־מאנטעל.
די בלעטער האבען זיך געעפענט ווי ציטערענדיגע, געקנייט־
שטע הענטלעך אויף די שווארצע צווייגען; די עפעל־בוימער
האבען געבליהט, און איידעלע ווילד־רויזען האבען געשמיי־
כעלט. איבער דעם נאך־ניט באבלעטערטען וואלד, וואו א
צארט־גרינער פוך האט זיך אנגעהויבען באווייזען, האט זיך
געהויבען אויפ'ן שפיץ פון א בערגעל א ראמאנטישער שלאס
— ווי א זיעג־צייכען אויף א שפיז. אויף דעם בלויען, זעהר
מילדען הימעל האבען זיך גערוקט גאר שווארצע כמארעס.
שאטענס זיינען ווי ארומגעלאפען אויף דער פריהלינגס־
לאנדשאפט. דינע, דראבנע רעגענס האבען אלעמאל גע־
שפריצט און באלד האט זיך די זון ווידער באוויזען און די
פויגלען האבען געזונגען.

קריסטאף האט זיך ארומגעזעהן, אז ער טראכט זינט
עטליכע מינוטען פונ'ם פעטער גאטפריעד. שוין א לאנגע

צייט אַז ער האָט נישט געטראַכט פון דעם אַלטינקען. און ער האָט זיך געפרעגט, פאַרוואָס ער דערמאָנט זיך אַזוי שטאַרק אָן איהם גראָד איצט. ער איז געגאַנגען אויף אַ שטעג נעבען אַ קאַנאַל, וואו די פּאַפּעל־ביימער האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט און דער געדאַנק האָט איהם פאַרפאָלגט. און דאָס בילד פון'ם אַלטען גאָטפריד איז איהם אַזוי קלאָר געוואָרען, אַז אַרויסדרעהענדיג זיך פון הינטער אַ הויכער וואַנד, האָט זיך איהם ממש געדאַכט אַז ער זעהט איהם אַנטקעגען קומענדיג.

דער הימעל איז געווען פאַרטונקעלט. אַ שטאַרקער רעגען און האָגעל איז געפאַלען און פון ווייטען האָט דער דונער געברומט. קריסטאָף איז געווען נישט ווייט פון אַ דאָרף און האָט געזעהן די ראָזעווע ווענט און די רויטע דעכער צווישען די ביימער. ער האָט גענומען שנעלער געהן און זיך געשטעלט אונטער'ן דאַך פון דעם ערשטען הויז. דער האָגעל האָט שטאַרק געקלאַפּט, אָפּגעקלונגען אויף די דעכער און אָראָפּגעשפּרונגען אויף דער גאַס ווי שטיקלאַך בליי. אין די גריבער ביי דער זייט פון וועג איז דאָס וואַסער אַריבערגעגאַנגען. איבער די בליהענדע סעדער האָט זיך אַ שטאַרקער פּיעל־פאַרביגער רעגען־בויגען אויסגעצויגען און אָפּגעשיינט אויף די בלוי־טונקעלע וואָלקענס.

אויף דער שוועל פון דער טיר איז געשטאַנען אַ מיידעל און געשטריקט. זי האָט מיט אַ פריינדליכער שטים געבעטען קריסטאָף'ן, ער זאָל אַריינגעהן. ער האָט די איינלאַדונג אָנגענומען. דאָס צימער אין וועלכען ער איז אַריינגעקומען האָט געדינט אַלס קיך, עס־צימער און שלאָף־צימער. גאָר הינטען איז געשטאַנען אַ קעסעל איבער אַ גרויסען פייער. אַ פּויערטע האָט אָפּגעוואַשען און גערייניגט אַביסעל

גרינס. זי האָט קריסטאָף'ן געזאָגט „גאָט העלף“, און איהם געהייסען צוקומען נעהענטער צום פייער אום זיך אָפּצוטרי־קענען. די מיידעל האָט געבראַכט א פלעשעל וויין און איהם געגעבען טרינקען. זיצענדיג ביים אַנדערען עק טיש האָט זי ווייטער געשטריקט און צו דער זעלבער צייט אַכטונג געגע־בען אויף צוויי קינדער, וועלכע האָבען זיך געשפּילט אריינ־וואַרפענדיג זיך אין האַלז אזא מין גראָז, וואָס ווערט אין די דערפער אָנגערופען „גנבים“ אָדער „ראַמאַנאָס“. זי האָט פאַרפיהרט א שמועס מיט קריסטאָף'ן. אין א וויילע ארום האָט ער ערשט באַמערקט אז זי איז בלינד. זי איז ניט געוועזען שעהן. זי איז געוועזען א הויכע, שטאַרקע מיידעל, מיט רויטע באַקען, ווייסע ציין און געזונטע, פעסטע ארעמס; די געזיכטסציגען איהרע זיינען אבער געוועזען אומרעגעלמעסיג; זי האָט געהאַט דעם שמייכלענדען און כמעט אויסדרוקסלאָ־זען שטריך פון פיעל בלינדע ווי אויך די מאַניע צו ריידען פון מענשען און זאַכען פּונקט ווי זי וואָלט זיי געזעהן. צו ערשט איז קריסטאָף געבליבען א פאַרוואונדערטער; ער האָט גערעכענט אז זי מאַכט חוזק פון איהם ווען זי האָט איהם געזאָגט, אז ער זעהט אויס גוט און אז די לאַנדשאַפט איז היינט זעהר שעהן. אָבער אָנקוקענדיג די בלינדע און נאָך איהר די פרוי וואָס האָט געוואַשען די גרינס, האָט ער געזעהן אז קיינער חידוש'ט זיך ניט דערפון, און אז קיינעם פאַלט ניט איין צו שפּאַסען: — (ס'איז אודאי ניט געוועזען איבער וואָס צו שפּאַסען.) — די צוויי פרויען האָבען פריינדליך גערעדט מיט קריסטאָף'ן און זיך נאָכגעפרעגט פון וואַנען ער קומט און וואוהין ער געהט. די בלינדע האָט זיך מיט אַן איבערטריבענעם אריינגעמישט אין שמועס. זי האָט אבער איינגעשטימט מיט קריסטאָף'ס באַמערקונגען וועג־

גען דעם וועג איבער די פעלדער — אדער עפּעס געזאָגט דאַגעגען, און איהרע ווערטער זיינען גאַטירליך, אפּט ניט געוועזן אַם פּלאַץ. זי האָט זיך ווי געוואָלט איינרעדען אַז זי זעהט אַזוי גוט ווי ער.

אַנדערע מענשען פון׳ם הויז־געזינד זיינען אַריינגעקומען: אַ געזונט־פעסטער פויער פון אַ יאָהר דרייסיג און זיין יונגע פרוי. קריסטאָף האָט געשמועסט מיט איינע און מיט די אַנדערע; און קוקענדיג אויף׳ן הימעל וואָס האָט זיך געהאַלטען אין אויסלייטערען האָט ער געוואַרט אויף׳ן מאַמענט אוועקצוגעהן.

די בלינדע האָט שטריקענדיג און ציהענדיג די שפּיזלען דערוייל אָנגעהויבען אונטערצוזינגען אַ מעלאָדיע. די מעלאָדיע האָט קריסטאָף׳ן דערמאָנט אַן אַ סך אַמאָליגע, אַלטע, זאַכען.

— וואָס! איהר קאָנט עס אויך? — האָט ער געפרעגט? (גאָטפריעד האָט דאָס איהם אַמאָל אויסגעלערנט.)

ער האָט מיט איהר גענומען מיטזינגען. די מיידעל האָט אָנגעהויבען לאַכען. זי האָט געזונגען דעם אָנפאַנג פון דער מעלאָדיע און ער האָט זי פאַרענדיגט. דערוייל האָט ער זיך אויפגעהויבען, כדי אַ קוק צו טאָן אויף׳ן וועטער און זיך געדרעהט איבער׳ן צימער און ווי ניט ווילענדיג געקוקט אין יעדען ווינקעל פון צימער. — פּלוצלונג האָט ער דער־זעהן נעבען קאָמאָד אַ זאַך פון וועלכער ער איז אויפגע־שפּרונגען. ס׳איז געוועזן אַ לאַנגער, געבויגענער שטעקען, מיט אַ פּראָסט אויסגעשניצט הענטעל וואָס האָט פאַרגע־שטעלט אַן איינגעהויקערט מענשעל אין אַ פאַרנייגענדער פּאָזע. קריסטאָף האָט דעם שטעקען גוט געקענט: ער האָט זיך מיט איהם געשפּיעלט אַלס קינד. ער האָט אַ שפּרונג

געטאַן צום שטעקעלע און געפרעגט מיט א פאַרשטיקטער שטים:

— פון וואַנען קומט... פון וואַנען האָט איהר דאָס גע־נומען?

דער פויער האָט איהם אַנגעקוקט און געענטפערט:

— א גוטער פריינד האָט דאָס איבערגעלאַזען; אַן אַלטער פריינד וואָס איז שוין געשטאַרבען.

קריסטאָף האָט אויסגעשריען:

— גאָטפריעד?

אַלע האָבען זיך אומגעקוקט, און געפרעגט:

— ווי אַזוי ווייסט איהר?...

און ווען קריסטאָף האָט זיי דערצעהלט אז גאָטפריעד איז זיין פעטער, זיינען זיי אַלע אויפגערודערט געוואָרען. די בלינדע האָט זיך אויפגעהויבען. איהר קנויל באַוועל האָט זיך אַראָפּגעקייקעלט אויף דער ערד איבער'ן צימער; זי איז אויף דעם ארויפגעטראָטען, אַנגעכאַפּט קריסטאָף'ס הענט און מיט אַ ציטערענדיגען קול געזאָגט:

— איהר זייט זיין נעפע?

אַלע האָבען אויף אַמאָל אָנגעהויבען רעדען. און קריס־טאָף פון זיין זייט האָט זיי געפרעגט:

אָבער איהר, ווי אַזוי... — ווי אַזוי קענט איהר איהם?

דער פויער האָט איהם ווידער געענטפערט:

— ער איז דאָ געשטאָרבען.

מ'האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט און ווען די אויפרע־גונג האָט זיך אביסעל איינגעשטילט, האָט די מאַמע, זיך ווידער נעמענדיג צו דער ארבייט, דערצעהלט אז גאָטפריעד פלעגט קומען צו זיי שוין פון יאָהרען, אז ער פלעגט זיך דאָרט שטענדיג אָפּשטעלען ווען ער פלעגט זיך אַוועקלאָזען

אויפ'ן וועג און ביים צוריקקומען. דאָס לעצטע מאָל וואָס ער איז אהין געקומען — (דאָס איז געווען אין פריהערדיגען יולי) — האָט ער אויסגעזעהן שטאַרק אויסגעמאַטערט, און ווען ער האָט דעם פּאַק אַראָפּגעלאָזט האָט איהם גענומען א היבשע ווײַלע איידער ער האָט געקאָנט אויסריידען א וואָרט. מ'האָט זיך אבער אויף דעם ניט אומגעקוקט, ווייל מ'איז שוין געווען געוואוינט איהם אזוי צו זעהן ביים אַנ־קומען און מ'האָט געוואוסט אז ער האָט א שווערען אָטעם. חוץ דעם האָט ער זיך אויף גאָר ניט באַקלאָגט. — ער פלעגט זיך קיינמאָל ניט באַקלאָגען, ער פלעגט שטענדיג געפינען עפּעס, מיט וואָס צופרידען צו זיין אפילו אין די ערגסטע זאַכען. ווען ער פלעגט שווער האַרעווען, פלעגט ער זיך פרייען מיט'ן געדאַנק ווי מחיה'דיג ער וועט זיך פיהלען אין בעט ביינאַכט, און ווען ער פלעגט קרענקען, פלעגט ער טראַכ־טען ווי גוט ס'וועט איהם זיין ווען ער וועט געזונט ווערען...

— און ס'איז א חסרון מיין הער, שטענדיג צופרידען צו זיין — האָט די אַלטע צוגעלעגט — ווארום אז מ'קלאָגט זיך ניט האָט קיינער אויף אייך קיין רחמנות ניט. — אָט איך... איך קלאָג מיך שטענדיג...

נו, האָט מען זיך גאָרניט צוגעקוקט צו איהם. מ'האָט זיך אפילו מיט איהם אביסעל געררייצט... איהם געזאָגט אז ער זעהט גאָר גוט אויס, און מאַדעמטא — (אזוי האָט געהיי־סען די בלינדע מיידעל.) — וועלכע האָט איהם געהאָלפען אַראָפּנעמען דעם פּאַק, האָט איהם געפרעגט: צו ער וועט ווען מיעד ווערען פון דעם ארומלויפען, גראַד ווי א יונגער־מאַן. ער האָט איהר בלויז מיט א שמייכעל געענטפערט, ווארום ריידען האָט ער ניט געקאָנט. ער האָט זיך אוועקגעזעצט פאַר דער טיר. איטליכער האָט זיך גענומען צו זיין ארבייט;

די מענער אויפ׳ן פעלד און די מאמע אין קיך. מאַדעסטא איז צוגעקומען, געבליבען שטעהן, אַנגעשפּארט אַן דער טיר, מיט איהר געניי אין דער האנט און מיט גאַטפּריעד׳ן פאר־פיהרט אַ שמועס. ער אָבער האט איהר ניט געענטפערט, און זי האט קיין ענטפער ניט ערווארט, ווארום זי האט איהם דערצעהלט אלץ וואָס איז געשעהן זינט זיין לעצטען באזוך. ער האט שווער געאָטעמט און זי האט געהערט ווי ער שטרענגט זיך אָן צו ריידען. אנשטאט צו ווערען באומרו־היגט דערפון האט זי איהם געזאָגט : — נישקשה ! רייד ניט. הוה דיך אָפּ ! ועסט שפּעטער אביסעל ריידען. א מענש מאַטערט זיך דאָס אוים !... וואס גיסטו ניט אכטונג אויף זיך !

...האט ער מעהר טאקע ניט גערעדט, און ניט גע־פּרואווט ריידען. זי האָט ווייטער דערצעהלט און גערעכענט אַז ער הערט זיך צו... ער האט געזיפצט און געשוויגען. שפּעטער אביסעל ווען די מאמע איז ארויסגעקומען, האָט זי געזעהן ווי מאַדעסטאַ רעדט, און גאַטפּריעד זיצט אויף דער באנק אהן באוועגונג, מיט׳ן קאָפּ ארונטערגעווארפען. ווי קור־קענדיג ארויף צום הימעל צו. שוין אַ פּאַר מינוטען אַז מאדעסטא האט גערעדט צו אַ טויטען. דעמאָלט האָט זי פארשטאַנען אַז דער אַלטער נעבעך האט פאר׳ן טויט גע־וואָלט זאָגען אַ פּאָר ווערטער, נאָר ער האָט פּשוט ניט געקאָנט ; — און ניט האָבענדיג קיין ברירה, האט ער דאס אנגענומען פאר ליעב, א טרויעריגען שמייכעל געטאָן און פארמאכט די אויגען, אין דעם פרידען פון דעם זומער־אבענט...

דער רעגען האָט דערווייל אויפגעהערט. די שנור איז אוועק אין שטאַל אריין ; דער זוהן האט גענומען די פּיקע

אַפּצוגראַבען און אוועקצושארען די בלאַטע פון פאר דער טיר. מאַדעסטאַ איז געווען אַרויסגעגאַנגען גלייך נאָכ'ן אַנהויב פון דער דערציילונג. קריסטאָף איז געבליבען אליין מיט דער אלטער אין צימער און איז אַ געריהרטער געשוויגען. די אַלטע אַבער, אַ פּלוידערזאַק, האָט די שטילקייט לאַנג ניט געקאָנט פאַרטראַגען, און זיך גענומען איהם דערציילען די גאַנצע געשיכטע ווי אַזוי זי האָט זיך באַקענט מיט גאָט־פריעד'ן. דאָס האָט זיך געצויגען צוריק מיט פיעל יאַהרען. זי איז נאָך דאַמאָלט געווען גאַנץ יונג און גאָטפריעד האָט זי ליעב געהאָט. ער האָט זיך אַבער ניט דערוואָגט דאָס איהר צו זאָגען; נאָר מ'האָט זיך מיט איהם דעריבער גע־רייצט; זי האָט פון איהם געלאַכט און אלע האָבען פון איהם געלאַכט: — (אַזוי איז עס געווען אומעטום וואו ער איז פאַרבייגעגאַנגען). נאָר גאָטפריעד פלעגט דאָך צוריקקומען אקוראט יעדען יאָהר. ער האָט פשוט פאַרשטאַנען אז מ'דאַרף פון איהם אביסעל אָפּלאַכען, אז זי דאַרף איהם ניט ליעב האָבען, אז זי האָט געדאַרפט חתונה האָבען מיט אַן אַנדערן און מיט איהם גליקליך זיין. גליקליך איז זי געווען — צו גליקליך; זי האָט זיך דערמיט צופיעל באַריהמט, האָט זי גאָט באַשטראָפט: דער מאַן איהרער איז פּלוצלונג געשטאָר־בען און די טאָכטער — אַ שעהנע, געזונטע און פעסטע מיי־דעל וואָס איטליכער האָט באַוואונדערט און וואָס האָט שוין געהאַלטען ביים חתונה האָבען מיט'ן זוהן פון דעם רייכסטען פויער אין דער געגענד, איז דורך אַן אומגליק בלינד געוואָ־רען. — זי איז איין מאָל אַרויף אויפ'ן הויכען באַרנע־בוים הינטער'ן הויז אָפּרייסען די פּירות, האָט זיך די לייטער אַראָפּגעגליטשט, און אַראָפּפאַלענדיג, האָט איהר אַ צובראָ־כענער צווייג אַ שטאַרקען קלאַפּ געטאָן נעבען אויג. מ'האָט

אין אָנהויב געגלויבט אַז זי וועט אָפּקומען מיט אַ צייכען, ס'האָט זי אָבער נאָכדעם גענומען שטעכען אין שטערען. — זי האָט פאַרלאָרען די ראיה פון איין אויג, און דערנאָך פונ'ם צווייטען, און אַלע רפואות זיינען געווען אומזיסט. פון דער חתונה איז אודאי געוואָרען גאָרנישט, דער חתן האָט זיך אָפּגעטראָגען אַהין אַ וואָרט; און פון אַלע בחורים, וואָס וואָל־טען מיט אַ וואָך פריהער איינער דעם צווייטען דער־הרג'עט אַבי מיט איהר צו טאַנצען, האָט קיין איינער ניט געהאַט דעם מוט — (און ס'איז גאַנץ פאַרשטענדליך) — אויף זיך צו נעמען אַ בלינדע. מאַדעסטאַ, וועלכע איז ביז דאַמאָלט געווען אַ זאַרגלאָזע, לעבעדיגע באַשעפעניש — איז דאַן אַריינגעפאַלען אין אַזאַ פאַרצווייפלונג אַז זי האָט זיך געוואונשען דעם טויט. זי פלעגט ניט וועלען עסען און נאָר געוויינט פון טאָג ביז נאַכט; און ביי נאַכט אין בעט האָט מען זי אויך געהערט זיפצען און קלאָגען. מ'האָט שוין ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, און נאָר געקאָנט מיטטרויערן מיט איהר, און דאָס האָט זי געטריבען נאָך צו גרעסערע יללות. סוף־כל־סוף איז מען פון איהר קלאָגען מיעד געוואָרען; האָט מען אויף איהר אָנגעשריען; האָט זי גענומען ריידען פון אַריינוואַרפען זיך אין קאַנאַל. דער גלח פלעגט אַמאָל קו־מען; ער פלעגט מיט איהר ריידען פון גאָט, ווי גוט ער איז, פון דער אייביגקייט, פון דעם שכר וואָס ער וואַרט איהר אויף יענער וועלט, דערפאַר וואָס זי שטעהט אויס די צרות. דאָס האָט זי אָבער גאָרניט געטרייסט.

אין אַ געווייסען טאָג איז גאָטפריעד אָנגעקומען. מאָ־דעסטאַ איז קיינמאָל ניט געווען גאָר גוט צו איהם, ניט מחמת זי איז בטבע געווען אַ שלעכטע, נאָר זי איז פּשוט געווען אַ שטאָלצע; — אחוץ דעם, איז זי ניט געווען קיין

איבערלעגטע און האָט ליעב געהאַט צו לאַכען. זי פּלעגט איהם זאָגען אַלע מינים שטעך־ווערטער אדער איהם אָפּמאַן אַלע סאָרטען שפּיצלאַך. ווען ער האָט דערהערט פונ׳ם אומ־גליק איז ער געבליבען א דערשלאָגענער, ווי אַן איינענער פון דער משפּחה. ער האָט עס אָבער איהר ניט אַרויסגע־וויזען ווען ער האָט זי צום ערשטען מאָל דערזעהן. ער האָט זיך נעבען איהר אוועקגעזעצט, זי מיט קיין וואָרט ניט דער־מאָנט אָן איהר בלינדקייט און געגומען שמועסען רוהיג, געלאַסען, ווי ער פּלעגט דאָס שטענדיג טאָן, פריהער. ער האָט זיך מיט קיין רחמנות־וואָרט ניט געווענדעט צו איהר; ס׳האָט אויסגעוויזען אַזוי ווי ער זעהט גאָר ניט אַז זי איז בלינד. ער האָט אָבער מיט איהר קיינמאָל ניט גערעדט פון אַזוינס וואָס זי קאָן ניט זעהן. ער פּלעגט מיט איהר ריידען פון אַלץ וואָס זי קאָן הערען, און באַמערקען אין איהר צוש־טאַנד. און דאָס האָט ער געטאָן אויף אַזאַ איינפאַכען שטיי־גער, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ גאַנץ נאַטירליכע זאַך; מ׳האָט געקאָנט מיינען אַז ער איז אויך בלינד...

און — האָט די מאַמע ווייטער געזאָגט — איך ווייס ניט וואָס ער האָט איהר געקאָנט דערציילען; איך האָב קיין צייט ניט געהאַט מיט איהר זיך אָפּצוגעבען ווייל ס׳איז גראָד געווען היי־צייט. אין אָבענט אָבער, ווען מיר זיינען צוריק־געקומען פון פעלד, האָבען מיר זי געטראָפען רוהיג שמועסענ־דיג מיט איהם. און זינט דאַמאָלט האָט זי אָנגעהויבען צו פיהלען בעסער. זי האָט ווי פאַרגעסען איהר אומגליק. פון צייט צו צייט פלעגט זי זיך דאָך אָן דעם דערמאָנען, און פלעגט וויינען איינע אַליין אדער פּרוּאווען פאַרפיהרען אַ שמועס מיט גאָטפריעד׳ן וועגען טרויעריגע ענינים. ער האָט זיך אָבער געמאַכט ווי ניט הערענדיג און איהר ניט געענט־

פערט אין זעלבען טאָן; ער פלעגט ריידען געלאַסען כמעט פרייליך פון זאכען וואָס האָבען זי בארוהיגט און אינטע־רעסירט. צו לעצט האָט ער אויף איהר געווירקט, אז זי זאָל זיך הורכשפּאַצירען, ארויסגעהן פון הויז — פון וואַנען זי האָט ניט געוואָלט ארויסטרעטען זינט דעם אומגליק; — צו־ערשט א פּאָר טריט אין גאָרטען און נאָכדעם, ביסלעכווייז, זיך דורכצוגעהן וואָס אמאָל מעהר איבער די פעלדער, אזוי ווייט, אז איצט פיהלט זי זיך היימיש אומעטום און דער־קענט אלצדינג, אזוי ווי זי וואָלט געזעהן. זי באַמערקט אפילו אזעלכע זאכען אויף וועלכע מיר שטעלען זיך ניט אָפּ. און זי — דיזעלבע וועלכע האָט זיך פריהער כמעט ניט אינטערע־סירט מיט קיין זאך אויסער זיך אליין — אינטערעסירט זיך איצט מיט אלצדינג. גאָטפריעד איז דאַמאָלט פארבליבען לענגער ווי געוועהנליך ביי אונז. מיר האָבען ניט געהאַט דעם מוט איהם צו בעטען ער זאָל נאָך אָפּלייגען זיין אוועק־פאָהר; ער איז אָבער אליין געבליבען ביז ער האָט געזעהן אז זי פיהלט זיך רוהיגער. און איין מאָל — זי איז געוועזן דאָרט אין הויף — האָב איך זי געהערט לאַכען. איך קאָן אייך גאָרניט זאָגען וואָס איך האָב בשעת מעשה געפיהלט. גאָט־פריעד האָט אויך אויסגעזעהן שטאַרק צופרידען. ער איז גראָד געזעסען נעבען מיר. מיר האָבען זיך אָנגעקוקט, און איך שעהם זיך ניט אייך צו זאָגען, מיין הער, אז איך האָב איהם ארומגענומען און געקושט מיט'ן גאַנצען הארצען. דאַן האָט ער מיר געזאָגט:

— איצט, גלויב איך, קאָן איך אוועקגעהן. מ'דאַרף מיך שוין מעהר ניט.

איך האָב איהם געפּרואווט צוריקצוהאַלטען. ער האָט מיר אָבער געענטפערט:

— ניין. איצט מוז איך אוועקגעהן. איך קאָן מעהר ניט בלייבען דאָ.

יעדער האָט געוואוסט אז ער איז געוועזן ווי דער וואַנ־דערענדיגער איד: ניט געקאָנט פארבלייבען אויף אַן אָרט. מ'איז אויפגעשטאַנען; און ער איז אוועק. ער פלעגט אבער נאָכדעם אַזוי מאַכען, אַז ער פלעגט זיך דאָ אָפטער אָפּשטעל־לען ווי פריהער און יעדעס מאָל איז דאָס געוועזן אַלץ אַ גרעסערע פרייד פאַר מאַדעסטאַ'ן: נאָך זיין פאַרבייפאָהרען פלעגט זי זיך שטענדיג פיהלען בעסער. מיט דער צייט האָט זי זיך ווידער גענומען צו דער באַלעבאַטישקייט; איהר ברו־דער האָט חתונה געהאַט; זי גיט זיך אָפּ מיט די קינדער. און איצט קלאָגט זי זיך שוין קיינמאָל ניט, און זעהט שטענ־דיג אויס אַ צופרידענע. טייל מאָל פרעג איך מיך: צו זי וואָלט זיך געפיהלט אַזוי גליקליך ווען זי זאָל האָבעןביידע אויגען? יאָ, יאָ, גלויבט מיר, מיין הער, אַ סך מאָל טראַכט מען זיך אַז ס'וואָלט בעסער געוועזן צו זיין ווי זי איז, און ניט צו זעהן אַ טייל מיאוסע בריאות און פאַסקודנע זאַכען. ס'ווערט אַ מיאוסע וועלט... און וואָס אַ טאָג מעהר ווערט עס ערגער... נאָר פונדעסטוועגען וואָלט איך שטאַרק מורא גע־האָט, גאָט זאָל מיך ניט כאַפּען ביים וואָרט; און דעם אמת געזאָגט, וויל איך פון מיינטוועגען, נאָך אַלץ גיבער זעהן די וועלט — ווי מיאוס זי זאָל ניט זיין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מאַדעסטאַ איז צוריקגעקומען און דער שמועס האָט זיך געביטען. אין דרויסען איז ווידער געוואָרען שעהן, און קריסטאָף האָט געוואָלט אוועקגעהן; זיי האָבען איהם אבער ניט געלאָזט. ער האָט געמוזט פאַרבלייבען ביי זיי צו וועטשערע און דאָרט איבערנעכטיגען. מאַדעסטאַ האָט זיך

נעבען קריסטאָף'ן אנידערגעזעצט און פון איהם ניט אוועק־
געגאנגען דעם גאַנצען אבענט. קריסטאָף'ן האָט זיך גע־
וואָלט ריידען אינטים מיט דער מיידעל וועמעס שיקזאל עס
האָט אין איהם דערוועקט א גרויס רחמנות. זי האָט איהם
אבער דערצו קיין געלעגענהייט ניט געגעבען. זי האָט נאָר
געזוכט איהם אויסצופרעגען וועגען גאָטפריעד'ן; און ווען
קריסטאָף האָט איהר עפּעס דערציילט וועגען איהם אזוינס
וואָס זי האָט ניט געוואוסט, איז זי געווען צופרידען און
אביסעל ווי אייפערזיכטיג. אליין האָט זיך איהר עפּעס ווי
ניט געוואָלט ריידען וועגען גאָטפריעד'ן; מ'האָט געקאָנט
זעהן אז זי זאָגט ניט אלץ, אדער, אויב זי זאָגט עס יאָ —
טוט עס איהר באַלד באַנג. איהרע ערינערונגען זיינען גע־
ווען איהר אייגענס, און זי האָט זיך דערמיט ניט געוואָלט
טיילען מיט א צווייטען. זי איז צו זיי געווען צוגעבונדען
מיט דער ליעבשאַפט פון א פויער, אדער פויערטע צו זייער
שטיקעל ערד. ס'האָט זי פאַרדראָסען וואָס א צווייטער האָט
אזוי ליעב געהאַט גאָטפריעד'ן ווי זי. אין אמת'ן האָט זי דאָס ניט
געגלויבט; דאָך קריסטאָף איז געבליבען מיט דעם געפיהל.
הערענדיג ווי זי רעדט האָט ער געפיהלט, אז כאָטש זי האָט
גאָטפריעד'ן אמאָל געזעהן — און אויף איהם דאָן געקוקט
מיט אומפריינדליכע אויגען — האָט זי, זינט זי איז בלינד
געוואָרען, זיך געשאַפען פון איהם א בילד וואָס איז געווען
פונקט דער היפוך פון דער ווירקליכקייט און האָט דער גייס־
טיגער פאַנטאַמע געשאַנקען די גאַנצע ליעבע נאָך וועלכער
זי האָט געדורשט. קיין זאַך האָט ניט געשטערט איהר אילוזיע.
מיט דער דרייסטער זיכערקייט פון די בלינדע, וועלכע טראַכ־
טען פשוט אלעס אויס דאָס וואָס זיי ווייסען ניט, — האָט
זי געזאָגט צו קריסטאָף'ן:

— איהר זייט צו איהם עהנליך.

קריסטאָף האָט פאַרשטאַנען אַז זי האָט זיך שוין פון יאָהרען־לאַנג צוגעוואוינט צו לעבען אין א הויז מיט פאַר־מאַכטע לאַדענס, וואו דער אמת קאָן ניט אריינקומען. — און אַז שוין אַ צייט־לאַנג ווי זי האָט זיך אויסגעלערנט צו זעהן אין דער פינסטער, און אפילו צו פאַרגעסען אַן דער פינסטערניש. — זי וואָלט אפשר מורא געהאַט פאַר אַ ליכט־שטראַל וואָס זאָל זיך אריינרייסען אין דער טונקעלקייט. זי האָט זיך און קריסטאָף'ן דערמאָנט אַן אַסך קליינינקייטען, נאַרישקייטען און דערמיט פאַרפיהרט אַ צוציוגענעם, שמייכלענדיגען שמועס וואָס האָט קריסטאָף'ן ווייניג־וואָס אינטערעסירט. דאָס פּלוידערען האָט איהם אביסעל אויפ־געדעגט; ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטעהן ווי אַזוי אַ מענש וואָס האָט זיך אַזוי פיעל אַנגעליטען, איז דורך דעם ניט ערנסטער געוואָרען אום ניט צו האָבען קיין הנאה פון אַזעל־כע קינדערשע זאַכען. ער האָט פון צייט צו צייט געפּרואווט ריידען איבער ערנסטערע זאַכען; אָבער זי האָט אויף זיי כמעט ניט געענטפערט. מאַדעסטאַ האָט ניט געקאָנט — אָדער ניט געוואָלט — איהם נאָכפאָלגען.

מ'איז געגאַנגען זיך לייגען שלאָפען. עס האָט קריס־טאָף'ן לאַנג גענומען ביז ער איז אַנטשלאָפען געוואָרען. ער האָט געטראַכט פון גאָטפריעד'ן; זיך אַנגעשטרענגט אַפּצו־טרייבען מאַדעסטאַ'ס קינדערשע ערינערונגען און זעהן זיין ריינע געשטאַלט. דאָס איז איהם שווער אַנגעקומען און איהם אויפגערעגט. דאָס האַרץ האָט איהם וועה געטאָן טראַכטענדיג אַז ער איז דאָ געשטאָרבען, אַז זיין קערפּער האָט זיך אודאי אין דעם בעט אָפּגערוהט. ער האָט גע־פּרואווט איבערלעבען די לעצטע פאַר אַנגסט־מינוטען, בשעת

ער האט ניט געקאנט ריידען, ניט געקאנט געבען צו פאר־שטעהן דער בלינדער, און צוגעמאכט די אויגען — אויף אייביג. אך! ווי עס האט זיך איהם געוואלט דאמאלט דארט זיין, — ער וואלט געווען אויפמאכען דעם טויטען׳ס אויגען, איבערלעזען די געדאנקען וואס האבען זיך הינטער זיי באהאלטען — די נשמה־געהיימנים וואס איז אוועק זיך ניט אנטפלעקענדיג צו קיינעם, בלייבענדיג אפשר ניט אנט־פלעקט פאר דעם שטארבענדען אליין! זיין נשמה האט די געהיימנים ניט געזוכט. גאטפריעד׳ס חכמה איז באשטא־נען אין זיין ניט זוכען, ניט וועלען די חכמה — ניט וועלען ארויפצווינגען זיין ווילען אויף׳ן לעבען, געהן מיט׳ן לעבענס־שטראם, דאס מקבל באהבה זיין און ליעב האבען. און אזוי האט ער אין זיך ארייגענומען די מיסטעריעזע לעבענס־עסענץ, ניט וויסענדיג עס אפילו. און אויב ער האט פיעל גוטס געטאן דער בלינדער, קריסטאף׳ן, און פיעל אנדערע פון וועלכע מ׳וועט מן הסתם קיינמאל ניט וויסען, איז דאס געווען דערפאר ווייל, אנשטאט צו ברענגען דאס געוועהנליכע ווארט פון מענשען׳ס אויפשטאנד און קאמף געגען דער נא־טור, פלעגט ער ברענגען א טייל פון דעם גלייכגילטיגען נא־טור־פרידען, און מיט איהר איבערגעביטען די שטילע, נאכ־געבענדיגע נשמה. ער האט געווירקט אויף די מענשען, ווי די פעלדער, די וועלדער, די נאטור — מיט וועלכע זיין וועזען איז דורכגענומען געווען.

קריסטאף האט אין זיין זכרון ארויסגערופען די ערי־נערונג אן די אמאליגע אבענטען מיט גאטפריעד׳ן אויף די פעלדער, אן די שפאצירען אלס קינד, און זיינע מעשה׳לאך און געזאנגען ביי נאכט. ער האט זיך דערמאנט אן דעם לעצטען שפאציר וואס ער האט געמאכט מיט זיין פעטער

אויף'ן בערגעל, איבער'ן שטעטעל, אין א קאַלטען ווינטער־דיגען פריהמאָרגען; — און טרערען זיינען איהם געקומען אין די אויגען. ער האָט ניט געוואָלט שלאָפען כדי וואָך־צו בלייבען מיט זיינע ערינערונגען. ער האָט קיין רגע ניט גע־וואָלט פאַרלירען פון דער נאַכט אין דעם דערפעל וואָס איז פול געוועז מיט גאָטפריעד'ס גייסט, וואוהין זיינע טריט האָ־בען איהם געפיהרט ווי געטריבען פון אַן אומבאַקאַנטער מאַכט. אָבער בעת ער איז אַזוי געלעגען און זיך צוגעהערט צום שוואַכערען און שטאַרקערען רוישען פון א דערבייאיגען קוואַל, צום גרילצענדיגען געשריי פון די פעלדער־מייז, האָט איהם די פעסטע יוגענד־מיעדקייט ארומגענומען, בייגעקומען זיין ווילען, — און ער איז אַנטשלאָפען געוואָרען.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט שוין די זון גע־שיינט, און איטליכער אין הויז־געזינט איז שוין געווען ביי דער אַרבייט. ער האָט קיינעם, א חוץ דער אַלטער און די קליינוואַרג, ניט געפונען אין דעם גרויסען צימער. דאָס יונגע פּאָרעל איז געווען אויפ'ן פעלד און מאַדעסטאַ איז שוין נעהאַט ארויסגעגאַנגען מעלקען די קיה. מ'האָט זי גע־זוכט אומעטום און ניט געפונען. קריסטאָף האָט געזאָגט אַז ער קאָן ניט וואַרטען ביז זי וועט צוריקקומען. אין אמת'ן האָט ער זי ווייניג־וואָס געוואָלט זעהן. ער האָט געטענה'ט אַז ער איילט זיך. ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויפ'ן טראַקט, נאָכדעם ווי ער האָט די אַלטע געבעטען זי זאָל גריסען אַלע־מען פון זיינעטוועגען.

ער איז ארויס פון דאָרף; נאָר פלוצלונג האָט ער דער־זעהן דאָרט וואו דער שליאַך פאַרקירעוועט זיך, אויף א בער־געלע נעבען א צאַם, די בלינדע זיצענדיג. דערהערענדיג זיינע טריט האָט זי זיך אויפגעהויבען, איהם אַנטקעגען גע־

קומען מיט א שמייכעל און איהם אַנעהמענדיג ביי דער האַנט, געזאָגט:

— קומט!

זיי זיינען ארויפגעגאַנגען דורך די לאַנקעס ביז צו א שאַטענדיגען און באַבלומטען קליינעם פעלד, פול מיט קברים, וואָס איז געשטאַנען איבער'ן דאָרף. זי האָט איהם צוגע־פיהרט צו א קבר און איהם געזאָגט:

— דאָ איז עס!

זיי האָבעןביידע געקניהט. קריסטאָף האָט זיך דער־מאָנט אַז אַן אַנדער קבר, וואו ער מיט גאָטפריעד'ן האָבען מיט א צייט צוריק געקניהט, און זיך געטראַכט:

— באַלד וועט מיין רייה קומען.

אָבער דער געדאַנק האָט אין דעם איצטיגען מאָמענט אין זיך ניט געהאַט קיין טרויעריגעס. א גרויסע פרידענס־שטימונג האָט זיך געהויבען פון דער ערד. קריסטאָף איז געשטאַנען אַנגעבויגען איבער'ן קבר און שטיל געמורמעלט צו גאָטפריעד'ן:

— דרינג אין מיך אריין!..

מאָדעסטאַ האָט מיט צונויפגעלעגטע הענט געבעטען, שטיל באַוועגענדיג די ליפּען. נאָכדעם איז זי אויף די קניה ארומגעגאַנגען דעם קבר, טאַפּענדיג מיט די הענט די ערד, די גראָז און די בלומען. זי האָט זיי ווי געגלעט; איהרע געשיקטע הענט האָבען ווי געזעהן. זי האָט רוהיג אויס־געריסען די פאַרוויאַנעטע גראָזען און די פאַרוועלקטע וויאָ־לעטען. ביים אויפשטעהן האָט זי זיך אָנגעשפּאַרט אַז שטיין און קריסטאָף האָט געזעהן ווי די פינגער איהרע געהן אומבאַמערקטערהייט איבער גאָטפריעד'ס נאָמען און ריהרען

לייכט אַז יעדען אות. דאַן האָט זי געזאָגט:

— די ערד איז היינטיגען פריהמאָרגען מילד.

זי האָט איהם געגעבען די האַנט; ער האָט איהר' גע־געבען זיינע. זי האָט זי איהם צוגעדריקט צו דער פייכטער און וואַרעמליכער ערד. ער האָט איהר האַנט ניט אָפּגעלאָ־זען און זייערע צונויפגעפלאָכטענע פינגער האָבען זיך איינ־געגראָבען אין דער ערד. ער האָט מאָדעסטא'ן אומאַרעמט, און זי איהם אויך.

זיי האָבען זיך ביידע אויפגעהויבען. זי האָט איהם גע־געבען אַ פּאָר פריש־אָפּגעפּליקטע וויאָלעט־בלומען און פּאָר זיך באַהאַלטען אין בוזעם די פּאַרוועלקטע. נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך אָפּגעשטויבט די קניה, זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען פון'ם בית־עולם, ניט איבערבייטענדיג צווישען זיך קיין וואָרט. אויפ'ן פעלד האָבען די לערכען געזונגען. ווייסע שמעטערלינגען האָבען אַרומגעטאַנצט ביי זיי אַרום די קעפּ. זיי האָבען זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ לאָנקע ניט ווייט איי־נער פון'ם אַנדערן. די רויכען פון'ם דאָרף האָבען זיך גלייך געהויבען צו דעם פון רעגען־אָפּגעוואַשטען הימעל. דער שטי־לער קאַנאַל האָט געשיינט צווישען די פּאַפּעל־בויבער. אַ דורכזיכטיגער, לייכטער, בלויער נעפּעל האָט ווי מיט פוד אַרומגעהילט די לאָנקעס און דעם וואַלד.

מאָדעסטא האָט די ערשטע אָנגעהויבען ריידען. זי האָט מיט אַ שעפּטשענדען קול גערעדט פון דעם שעהנעם טאָג, אַזוי ווי זי וואָלט איהם געזעהן. מיט האַלב־געעפענטע לי־פּען האָט זי אַריינגעאָטעמט די לופט; זי האָט זיך שטאַרק צוגעהערט צום מינדסטען גערויש אַרום. קריסטאָף האָט גע־וואוסט דעם ווערט פון דער דאָזיגער מוזיק, און געזאָגט דאָס וואָס זי האָט געקלערט, — וואָס זי וואָלט ניט געקאָנט

אַרויסזאָגן. ער האָט איהר אָנגערופען געוויסע געשרייען און קוים באַמערקבאַרע ציטערנישען וואָס מ'האָט געהערט אונטער'ן גראָז אָדער אין וואייטען רוים. זי האָט זיך אָפּגע־רופען:

— אַה! איהר ז ע ה ט עס אויך?

ער האָט איהר געענטפערט אַז גאַטפריעד האָט עס איהם אויסגעלערנט.

— אייך אויך! האָט זי פאַרדריסליך אַ זאָג געטאָן.

ס'האָט זיך איהם געוואָלט איהר זאָגען:

— זייט ניט אייפערזיכטיג.

ער האָט אָבער געזעהן דאָס הימלישע ליכט וואָס שמייכעלט אַרום זיי, ער האָט געקוקט אויף איהרע בלינדע אויגען און אַ רחמנות־געפיהל האָט איהם דורכגענומען.

— אַזוי, — האָט ער געפרעגט, — גאָטפריעד האָט אייך דאָס געלערנט?

זי האָט איהם געענטפערט אַז „יאָ", און אַז זי האָט דערפון איצט מעהר הנאה ווי פריהער... — (זי האָט ניט געזאָגט „פריהער פון וואָס"; זי פלעגט אויסמיידען אַרויס־זאָגען דאָס וואָרט „אויגען" אָדער „בלינדע".)

זיי זיינען אַ ווײַלע שטיל געבליבען. קריסטאָף האָט אויף איהר געקוקט מיט רחמנות. זי האָט געפיהלט אַז ער קוקט אויף איהר. עס האָט זיך איהם געוואָלט איהר זאָגען ווי פיעל רחמנות ער האָט אויף איהר; עס האָט זיך איהם געוואָלט, זי זאָל זיך פאַר איהם קלאָגען, און זיך איהם פאַר־טרויען. ער האָט זי צערטליך געפרעגט:

— איהר זייט געווען שטאַרק אומגליקליך?

זי איז געבליבען שטום און שטייף. זי האָט אויסגע־ריסען שטיקלאַך גראָז און זיי שטילערהייט געקייט. אַ

פּאָר מינוטען זיינען פאַרביי, — (דער געזאַנג פון דער לערכע האָט זיך ווייטער און ווייטער געצויגען אונטער׳ן הימעל). — און קריסטאָף האָט איהר אָנגעהויבען דערצעה־לען אז ער האָט זיך אויך אַמאָל אומגליקליך געפיהלט און אז גאָטפּריעד האָט איהם געטרייסט. ער האָט איהר דער־צעהלט אַלע זיינע יסורים, זיינע שווערע איבערלעבענישען מיט אזא פאַרטרויען, אזוי ווי ער וואָלט צו זיך אליין גע־רעדט, אָדער צו זיינער אַ לייבליכער שוועסטער. די בלינדע האָט זיך שטאַרק צוגעהערט און איהר פּנים איז באַלויכטען געוואָרען. קריסטאָף האָט זי ערנסט באַטראַכט און געזעהן אז זי וויל אָנהויבען ריידען. זי האָט זיך אַ ריהר געטאָן כדי זיך דערנעהנטערען צו איהם און איהם צו געבען די האַנט. ער האָט זיך אויך צוגערוקט — אָבער זי האָט זיך שוין ווידער געביטען און איז צוריק גלייכגילטיג געוואָרען; און ווען ער האָט אָפּגערעדט האָט זי זיך בלויז אָפּגערופען מיט אַ פּאָר באַנאַלע ווערטער. אונטער איהר הויכען, גלאַ־טען שטערען האָט זיך געפיהלט די פויערשע עקשנות, האַרט ווי אַ שטיין. זי האָט איהם געזאָגט אז זי מוז צוריקגעהן אהיים אויפצופּאַסען אויפ׳ן ברודער׳ס קינדער. זי האָט דער־פון גערעדט רוהיג און שמייכלענדיג.

ער האָט זי געפרעגט:

— איהר פיהלט זיך גליקליך?

זי האָט זיך געפיהלט ווי גליקליכער דערמיט וואָס זי הערט ווי ער זאָגט עס איהר. זי האָט איהם געענטפערט אז „יאָ", איהם אָנגעוויזען פאַרוואָס זי איז עס, און געפּרואווט עס א י ה ם צו באַווייזען, — ז י ך עס צו באַווייזען. זי האָט גערעדט פון די קינדער, פון דער באַלעבאַטישקייט, פון אַלץ וואָס זי האָט צו טאָן...

— אַה! יאַ, איך פיהל מיך זעהר גליקליך.

קריסטאָף האָט גאָרניט געענטפערט. זי האָט זיך אויפ־געהויבען אוועקצוגעהן; ער האָט זיך אויך אויפגעהויבען. זיי האָבען אָבשייד גענומען איינער פונ׳ם אַנדערען, מיט א גלייכגילטיגען און פריילעכען טאָן. מאַדעסטא׳ס האַנט האָט געציטערט אין קריסטאָף׳ס און זי האָט איהם געזאָגט:

— איהר וועט היינט האָבען א שעהן וועטער צו געהן.

זי האָט איהם אָנגעזאָגט וועלכען וועג צו געהן כדי ניט צו מאַכען קיין טעות. און עס האָט אויסגעזעהן אַז פון זיי ביידען איז קריסטאָף דער בלינדער.

זיי זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. ער איז אַראָפּ דעם בערגעל, און ווען ער איז שוין געווען אונטען האָט ער זיך אומגעקוקט. זי איז געשטאַנען אויפ׳ן שפּיץ, אויפ׳ן זעלבען אָרט. זי האָט איהם צוגעפּאַכט מיט׳ן האַנטטיכעל, און מיט דער האַנט, אַזוי ווי זי וואָלט איהם געזעהן.

אין דער עקשנות איהרער אָפּצולייקענען די בלינדקייט איז געלעגען עפּעס הערָאישעס און קינדיש־נאַרישעס וואָס האָט קריסטאָף׳ן גערירט, און וועה־געטאָן. ער האָט גע־פיהלט אַז מאַדעסטא איז ווערט ניט נאָר מיטלייד נאָר אויך באַוואונדערונג — און דאָך וואָלט ער ניט געקאָנט לעבען קיין צוויי טעג מיט איהר...

און קריסטאָף איז ווייטער געגאַנגען צווישען די מיט בלומען־באַוואַקסענע צאַמען און געטראַכט פונ׳ם אַלטען, ליעבען שולץ, פון דעם זקן׳ס קלאָרע און מילדע אויגען, וואָס האָבען זיך אָנגעקוקט אַזוי פיעל צרות, און זיי דאָך צונישט געמאַכט — און דאָך ניט געוואָלט אָנערקענען די מיאוסעווירקליכקייט.

— וואָס זעהט ער אין מיר? האָט ער זיך געפּערגט. איך בין אַזוי אַנדערש ווי זיין באַגריף איבער מיר! פאַר איהם בין איך, ווי ער וויל אַז איך זאָל זיין. די גאַנצע גע־שטאַלט, אַלץ, איז איידעל און ריין ווי ער אַליין. ער וואָלט דאָס לעבען ניט געקאָנט פאַרטראָגען ווען ער זאָל עס זעהן ווי עס איז באמת.

און ער האָט געטראַכט פון דער מיידעל, ווען די פינסטערניש רינגעלט אַרום, נאָר זי לייקענט די פינסטער־ניש אָפּ, און וויל זיך איינרייידען אַז דאָס וואָס איז, איז ניט, און דאָס וואָס איז ניט — איז יאָ.

דאַמאָלט האָט ער דערזעהן די גרויסקייט פון דעם דייטשען אידעאַליזם, וועלכען ער האָט אַזוי אָפט פיינט גע־האַט, ווייל ביי די פּראָסטע מענשען ווערט ער אַ קוואַל פון היפּאָקריטסטוואָ און נאַרישקייט. ער האָט דערזעהן די שעהנקייט פון דעם גלויבען וואָס שאַפט זיך אַן אייגענע וועלט אין מיטען פון דער וועלט — אַזוי אַנדערש פון דער וועלט ווי אַן אינזעל אין ים. ער האָט אָבער דעם גלויבען ניט געקאָנט פאַרטראָגען אין זיך — פאַר זיך — און ניט געוואָלט אַנטלויפען אויף דעם טויטען־אינזעל. דאָס לעבען! דעם אמת! — נאָך דעם האָט ער געבענקט. ער האָט ניט געוואָלט זיין קיין ליגענערישער העלד. אפשר איז דער אָפּ־טימיסטישער ליגען — פון וועלכען אַ דייטשער קייזער האָט געוואָלט מאַכען אַ „געזעץ" פאַר זיין פאָלק — נויטיג געווען צום לעבען פון די שוואַכע באַשעפענישען, און קריסטאָף וואָלט באַטראַכט פאַר אַ פאַרברעכען אוועקצורייבען ביי די אומגליקליכע די דאָזיגע אילוזיע וואָס האַלט זיי אויף; פאַר זיך אָבער האָט ער ניט געדאַרפט זוכען אַזעלכע הינטער־וועגען: ער האָט בעסער געוואָלט שטאַרבען איידער צו לע־

בען מיט אילוזיעס. — איז דען די קונסט אליין אויך ניט קיין אילוזיע? — ניין, זי דאַרף דאָס ניט זיין! דעם אמת! דעם אמת! מ'דאַרף מיט ברייט־געעפענטע אויגען אריינצי־הען דורכ'ן גאַנצען גוף, דעם אַל־מעכטיגען לעבענס־אָטעם, זעהן אַלצדינג ווי עס איז, קוקען דעם אומגליק גלייך אין פּנים אריין — און לאַכען.

עטליכע חדשים זיינען אריבער. קריסטאָף האָט פאַר־לאָרען יעדע האָפענונג צו אַנטלויפען פון דער שטאָט אין וועלכער ער האָט געוואוינט. דער איינציגער וואָס האָט איהם געקאָנט ראַטעווען, — האַסלער האָט איהם דערצו ניט גע־וואָלט העלפען. און דעם אַלטען שולץ'עס פריינדשאַפט האָט ער פאַרלאָרען אַזוי שנעל ווי ער האָט עס געקראָגען.

ער האָט נאָך דעם צוריקקומען איהם איין מאָל געשרי־בען און האָט ערהאַלטען צוויי צאַרט־ליעבענדע בריעף; אָבער צוליעב זיין פוילקייט און באַזונדערס צוליעב דעם וואָס ס'איז איהם שווער געווען זיך אויסצודריקען אין א בריעף האָט ער פאַרשפּעטיגט איהם צו ענטפערען אויף זיינע האַר־ציגע ווערטער. ער פלעגט דאָס אָפּלעגען פון איין טאָג אויפ'ן צווייטען. און ווען ער האָט זיך שוין ענדליך באַ־שלאָסען צו שרייבען, האָט ער ערהאַלטען א בריוועל פון קונץ'ן, וואָס האָט איהם געלאָזט וויסען, אַז זיין אַלטער חבר איז געשטאָרבען. שולץ — האָט ער געשריבען — איז ווי־עדער אריינגעפאַלען אין זיין ברוסט־קראַנקהייט און דערפון האָט זיך אַנטוויקעלט א לונגען־ענטצינדונג. ער האָט פאַר־ווערט צו שטערען קריסטאָף'ן, פון וועמען ער האָט שטענ־דיג גערעדט. טראָץ זיין גרויסער שלאַפקייט און די לאַנגע יאָהרען וואָס ער האָט אָפּגעקרענקט, איז איהם דאָך באַשערט געווען זיך שמאַרק צו מוטשען פאַר'ן טויט. ער האָט קונץ'ן געבעטען, ער זאָל איבערגעבען די נייעס קריסטאָף'ן, און איהם זאָגען אַז ביז צו דער לעצטער שעה האָט ער פון איהם

געטראכט, אז ער דאנקט איהם פאר'ן גליק וואס ער האט איהם פארשאפט און אז זיין ברכה וועט איהם נאכגעהן כל זמן קריסטאף וועט לעבען. — נאר איין זאך האט איהם קונץ ניט געשריבען: אז דער טאג וואס שולץ האט פאר־בראכט מיט קריסטאף'ן האט איהם אפשר געטריבען אויפ'ן קראנקען־בעט און דערנאך צום טויט.

קריסטאף האט שטיל געוויינט, ער האט ערשט דאמאלט דערפיהלט דעם גאנצען ווערט פונ'ם פארלארענעם פריינד און ווי שטארק ער האט איהם ליעב געהאט. עס האט איהם באנג געטאן—ווי שטענדיג—וואס ער האט איהם דאס ניט הארציגער געזאגט ביים לעבען. איצט איז עס שוין געווען צו שפעט. און וואס איז איהם פארבליבען? דער גוטער שולץ האט זיך בלויז אויף א ווייל באוויזען, און מיט זיין טויט נאך לײדיגער געמאכט דעם חלל, נאך פינסטערער די פינסטערניש ארום איהם. — וואס אנבאלאנגט קונץ'ן און פאטפעטשמידט'ן איז זייער באדייטונג געווען אין זייער פריינדשאפט צו שולץ'ן, און פון שולץ'ן צו זיי. קריסטאף האט זיי גוט אפגעשאצט. ער האט זיי איין מאל געשרי־בען און דערביי זיינען זיי געבליבען. — ער האט אויך גע־פרואווט שרייבען צו מאדעסטא, אבער זי האט איהם געענט־פערט א באנאלען בריעף אין וועלכען זי האט דערצעהלט אלערליי נארישקייטען. ער האט אויפגעגעבען די קארעס־פאנדענץ. ער האט מעהר צו קיינעם ניט געשריבען און קיינער האט צו איהם מעהר ניט געשריבען.

שטיל. שטיל. וואס א טאג האט דער שווערער מאנ־טעל פון שטילקייט אלץ מעהר געדריקט און ארומגענומען קריסטאף'ן. ס'איז אויף איהם געפאלען א רעגען פון אש. דער אבענט איז שוין ווי אנגעקומען און קריסטאף האט דאך

ערשט אַנגעהויבען צו לעבען. — ער האָט זיך נאָך ניט גע־וואָלט אונטערגעבען. — די צייט פון שלאָפען איז נאָך ניט געקומען. ער האָט געדאַרפט לעבען.

ער האָט מעהר ניט געקאָנט לעבען אין דייטשלאַנד. זיין זשעני איז צודריקט געוואָרען פון דער ענגער פּראָווינ־ציעלער שטעטעל, — אַזוי שטאַרק אַז אַן אומגערעכטער צאָרן האָט איהם ארומגענומען. ער איז מורא'דיג נערוועז געוואָ־רען; אַלץ האָט איהם ביז צום האַרצען געקרענקט. ער איז געווען ווי איינע פון די אומגליקליכע ווילדע חיות וואָס געהן אויס פאַר אומעט אין די גרויסע שטייגען וואו מ'האָט זיי אַפּגעשלאָסען אין שטאָט־גאָרטען. קריסטאָף פלעגט אָפט אויס סימפּאַטיע זיי געהן זעהן; ער פלעגט באַטראַכטען זיי־ערע וואונדערליכע אויגען, וואו עס האָט געברענט — וואו ער האָט זיך אויסגעלאָשען טאָג ביי טאָג —א ווילד און פאַר־צווייפעלט פייער. אַ! ווי עס וואָלט זיך זיי בעסער גע־וואָלט די ברוטאַלע קויל פון ביקס, וואָס זאָל זיי באַפרייען אָדער דאָס מעסער וואָס זאָל זיי דורכשטעכען זייערע וואַרים־בלוטיגע הערצער! אַלץ בעסער ווי די גרויזאַמע גלייכגיל־טיגקייט פון די מענשען וועלכע לאָזען זיי ניט לעבען און ניט שטאַרבען!

דאָס וואָס ס'האָט קריסטאָף'ן אַם־שטאַרקסטען געדריקט איז ניט געווען די פריינדליכקייט פון די מענשען, נאָר זייער וואַקעלדיגע נאַטור — זייער גרונדלאָזע און פאָרמלאָזע נאַ־טור. מ'האָט ניט געקאָנט אָנטרעפען די פעסטע, האַרט־נעקיגע געגנערשאַפט פון דעם האַרטען מין מענשען וועלכע ווילען פּשוט ניט פאַרשטעהן וועלכע עס איז נייען געדאַנק. קענען קראַפט שטעלט מען זיך אַוועק מיט קראַפט, — מיט'ן ברוד״ און גראַב־אייזען קאָן מען צוברעכען און אָפּראַמען די

פֿעלזען. אָבער וואָס קאָן מען טאָן קעגן א געשטאַלטלאָזער מאַסע, וואָס איז ווי שוים, וואָס קאָן איינגעקוועטשט ווערן מיט'ן מינדסטען דרוק און לאָזט אויף זיך ניט קיין סמן? דער גייסט און די ענערגיע און אַלץ זינקט אראָפּ אין זומ־פּיגען טייך; און אויב אַ שאָטען איז אהין ארײַנגעפאַלען האָבען זיך בלויז א פּאָר לײַכטע רעדער באַוויזען אויף דער איבערפלאַך: דער מאַנסטער האָט אויפגעוואַכט און פאַר־מאַכט זײַן מורא'דיג מויל, און פון דעם וואָס האָט אמאָל עקסיסטירט איז קיין שפּור ניט פאַרבליבען.

דאָס זײַנען ניט געווען קיין שונאים. הלואי וואָלטען זיי געווען שונאים! דאָס זײַנען געווען מענשען וואָס האָ־בען קיין כח ניט געהאַט ניט צו ליעבען, ניט צו האַסען, ניט צו גלויבען און ניט — ניט צו גלויבען — סיי אין רעליגיאָן, קונסט, פּאָליטיק און סיי אין דעם טאָג־טעגליכען לעבען — און וועמעס אַלע כחות זײַנען אוועק אויסצוגלײַכען דאָס וואָס קאָן ניט אויסגעגלײַכט ווערען. באַזונדערס זינט דעם דײַטשען קריג־נצחון האָבען זיי זיך אָנגעשטרענגט צו מאַכען א פּשרה, אַן עקעלדיגע פאַרבינדונג צווישען זייער נײַער מאַכט און די אמאָליגע פּרינציפּען. דעם אַלטען אידעאַליזם האָבען זיי ניט אויפגעגעבען: צו טאָן אזא אויפריכטיגע זאַך זײַנען זיי ניט געווען אימשטאַנד. זיי האָבען זיך באַ־גנוגט מיט א פעלשונג דערפון אום דערמיט צו דיענען די דײַטשע אינטערעסען. — ווי העגעל, דער רוהיגער און כיט־רער שוואָב, האָט געטאָן וואַרטענדיג ביז נאָך לײַפּציג און וואַטערלאָ אום צו פאַרבינדען דעם גרונד־געדאַנק פון זײַן פּילאָזאָפיע מיט דעם פּרײַסישען שטאַט. — ווען זייערע אינ־טערעסען האָבען זיך געביטען האָבען זיך אויך זייערע פּרינ־ציפּען געביטען. ווען מ'איז באַזיגט געווען האָט מען גע'־

טענה'ט אַז דייטשלאַנד האָט די מענשהייט אַלס אידעאַל. איצט ווען מ'האָט אַנדערע באַזיגט האָט מען באַהויפּטעט אַז דייטשלאַנד איז דער מענשהייט'ס אידעאַל. ווען אַנדערע לענדער זיינען געווען די שטאַרקערע האָט מען געזאָגט מיט לעסינג'ן אַז „די ליעבע צום פאַטערלאַנד איז אַ העראָאישע שוואַכקייט אָהן וועל־כער מ'קאָן זיך זעהר גוט באַגעהן". און מ'האָט זיך גערופען וועלטס־בירגער. איצט ווען מ'איז די שטאַרקערע געוואָרען, איז שוין גאָר ניט גע־ווען גענוג פאַראַכטונג צו אַזוינע „פראַנצויזישע" אוטאָפּיעס ווי דער וועלט־פריעדען, די ברידערליכקייט, ז'ער פרידליכער פּראָגרעס, די מענשען־רעכטען, די נאַטירליכע גלייכהייט; מ'האָט גע'טענה'ט אַז דאָס שטאַרקערע פאָלק האָט געגען די אַנדערע אַן אַבסאָלוט רעכט, און אַז די אַנדערע, זייענדיג די שוואַכערע, האָבען קיין רעכט ניט קעגען דעם שטאַרקען. דאָס שטאַרקע פאָלק איז דער לעבעדיגער גאָט, די „פּער־קערפּערטע אידעע", וואָס געהט פאָרווערטס דורך מלחמה, גוואַלד־טאַט און אונטערדריקונג. איצט ווען מ'האָט געהאַט די מאַכט אויף דער אייגענער זייט, איז זי געוואָרען אַ הייליגע זאַך. דער גאַנצער אידעאַליזם און אינ־טעליגענץ האָט זיך אויסגעדריקט אין מאַכט.

דייטשלאַנד האָט, דעם אמת זאָגענדיג, אַזוי פיעל גע־ליטען אין לויף פון פיעלע יאָהרהונדערטע, פון דעם וואָס זי האָט געהאַט אידעאַליזם און ניט קיין מאַכט, אַז מ'האָט נאָך די אַלע שרעקליכע איבערלעבענישען געקאָנט מוחל זיין איהר טרויעריגען זיך מודה זיין אין דעם אַז מען מוז האָבען קודם כל מאַכט, — ווי זי זאָל ניט זיין. אָבער ווי פיעל ביטער־קייט איז געלעגען באַהאַלטען אין אָט דעם מודה־זיין זיך,

ביי א פאָלק וואס האָט געהאַט אַ הערדער און אַ געטע! און ווי פיעל יאוש און ערנידערונג פון דייטשען אידעאל איז געלעגען אין דעם דייטשען זיעג! — אך! דאָס איז זיי גרינג אַנגעקומען צוליעב דער קלעגליכער טענדענץ אפילו ביי די בעסטע דייטשען זיך אונטערצוגעבען.

— „ד אָ ס וו אָ ס כ אַ ר אַ ק ט ע ר י ז י ר ט ד ע ם ד י י ט ש — האָט געקאַנט מעזער זאָגען שוין צוריק מיט הונדערט יאהר — א י ז ד י ג ע ה אַ ר כ ז אַ ם־ ק י י ט".

און מאַדאַם דע סטאַל'ס ווערטער זיינען:

— „ז י י ז י י נ ע ן ש ט אַ ר ק א ו נ ט ע ר־ ט ע נ י ג. ז י י ב אַ נ ו צ ע ן ז י ך מ י ט ג ו ט פ י ל אָ ז אָ פ י ש ע אַ ר ג ו מ ע נ ט ע ן צ ו ע ר־ ק ל ע ה ר ע ן ד אָ ס א ו מ פ י ל אָ ז אָ פ י ש ס ט ע א ו י ף ד ע ר וו ע ל ט: ד ע ם ר ע ס פּ ע ק ט צ ו מ אַ כ ט — א ו ן ד ע ם צ אַ ר ט ע ן מ ו ר א ג ע־ פ י ה ל וו אָ ס מ אַ כ ט פ ו ן אָ ט ד ע ם ר ע ס־ פּ ע ק ט ב אַ וו א ו נ ד ע ר ו נ ג."

קריסטאָף האָט דאָס געפיהל געפונען ביי אַלעמען — פון'ם גרעסטען ביז'ן קלענסטען אין דייטשלאַנד, פון שי־ לער'ס ווילהעלם טעל, דעם קלענסטען באַגרענעצטען קליין בירגער מיט די מוסקולען פון א טרעגער, וועלכער, ווי עס זינגט אונז דער איד בערנע, „געהט פאַרביי דעם סלופּ פון'ם ליעבען הער געטלער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען, כדי צו מאַ־ כען א פשרה צווישען זיין עהרען־געפיהל און דער מורא, און צו זאָגען אַז ער האָט ניט געזעהן דעם קאַפּעלוש — און ניט געמיינט צו זיין אומגעהאַרכזאַם" — ביז דעם אַלטען און רעספּעקטאַבלען ווייסע, א זיבציג־יאָהריגען זקן, איינעם פון

די געעהרסטע געלעהרטע אין שטאָט, וועלכער ווען ער זעהט א ה ע ר ל י י ט ע נ א נ ט אַנקומען, איילט ער זיך איהם אָפּצוטרעטען דעם טראָטואר און געהט אַראָפּ אויפ׳ן וועג.

קריסטאָף׳ס בלוט פלעגט אין איהם אויפקאָכען, ווען ער פלעגט זעהן איינע פון אָט די קליינע קנעכטישע האַנד־לונגען. ער האָט דערפון געליטען אזוי ווי ער אליין וואָלט זיך דערנידעריגט. די שטאָלצע, גאוה׳דיגע מאַניערען פון די אָפיצירען וועלכע ער פלעגט באַגעגענען אויף דער גאַס און זייער העזה׳דיגע שטייפקייט פלעגען אין איהם ארויסרופען א טיעפען צאָרן. ער פלעגט פאַרבייגעהענדיג, אויף זיי קוק־קען מיט די זעלבע בליקען, און ס׳האָט שוין מעהרער מאָל ווייניג־וואָס געפעהלט צו א מחלוקה. ער האָט דאָס ווי גע־זוכט. פונדעסטוועגען האָט ער בעסער ווי אנדערע פאַרשטאַ־נען די נוצלאָזיגקייט פון אזא פוסטען ארויסטרעט. צייטענ־ווייז פלעגט ער זיך אָבער פאַרלירען; און דאָס שטענדיגע זיך אַנשטרענגען זיך ניט אויסצופלאַצען און די צודריקטע שטאַר־קע כחות וואָס האָבען זיך אין איהם אָנגעזאַמעלט האָבען איהם ווי משוגע געמאַכט. ער פלעגט דאַמאָלט גרייט זיין אָפּצוטאָן די גרעסטע נאַרישקייט, און ער האָט געהאַט דאָס געפיהל אז אויב ער פאַרבלייבט נאָך דאָ א יאָהר, איז ער א פאַרלאָרענער. ער האָט געהאַסט דעם ברוטאַלען מיליטאַ־ריזם, פון וועלכען ער האָט געפיהלט אז ער דריקט ווי א שווערע משא, און די שווערדען וואָס קלינגען אָפּ אויפ׳ן טראָטואר, און די ביקסען און קאַנאָנען וואָס שטעהן פאַר די קאַזארמעס, אַנגעשטעלט אַנטקעגען דער שטאָט און גרייט צו שיסען. סקאַנדאַליעזע ראָמאַנען האָבען דאַמאָלט גע־מאַכט אַן אויפרוהר, אַנווייזענדיג אויף דער קאָרופציע פון

די גרויסע און קליינע גארניזאנען; די אפיצירען זיינען אין זיי פארגעשטעלט געווען ווי שעדליכע באשעפענישען, וואס ווייסען א חוץ זייערע אוטאמאטישע מיליטערישע פליכטען נאר צו פוסט־און־פאסעווען, טרינקען, שפיעלען, פארזיינקען אין חובות, לאזען אז זייערע פאמיליעס זאלען זיי אויפהאל־טען, באריידען איינער דעם אנדערען, און (אלע לויט זייער גראד) אויסנוצען זייער געזעצליכע מאכט קעגען די וואס שטעהן אונטער זיי. דער געדאנק אז ער וועט אמאל געצוואונגען זיין צו פאלגען האט קריסטאף׳ן געשטיקט. ער וועט ניט קאנען, ניין, ער וועט קיינמאל ניט קאנען פאר־טראגען די זעלבסט־ערנידערונג זיך אונטערצואווארפען אונ־טער זייער געמיינע און אומגערעכטע באהאנדלונג... ער האט ניט געוואוסט ווי פיעל מאראלישע גרויסקייט עס ליגט אין א טייל פון זיי, און ווי פיעל זיי ליידען אליין פון זייערע פארלארענע אילוזיעס; פון דעם וואס אזוי פיעל כחות, יוגענד, עהרע, גלויבען, ליידענשאפטליכע געפיהלען פון זעלבסט־אפפער ווערען צו־נישט געמאכט, פארשווענדט. — פון דעם ווי נאריש א קאריערע איז, אויב זי איז פשוט בלויז א קאריערע און האט ניט דעם זעלבסט־אפפער אלס צוועק. און בלייבט דאן נאר אן אומעטיגע באשעפטיגונג, א פוסטער פאראד, א תפילה וואס מ׳זאגט אהן א שום גלויבען אין איהר...

דאס פאטערלאנד איז ניט גענוג געווען פאר קריסטאף׳ן. ער האט אין זיך געפיהלט פלוצלונגע אומבאקאנטע און אומ־ווידערשטעהנדליכע כחות, פון די וואס ערוואכען ביי געוויסע מינים פויגעל אין באשטימטע צייטען ווי די עב און פלוט אין ים: — דער אינסטינקט פון ווייטער אויסוואנדערונג. לעזענדיג הערדער׳ס און פיכטע׳ס ווערק, וועלכע דער אלטער

שולץ האָט איהם איבערגעלאָזען בירושה, האָט ער דאָרט גע־פונען נשמות וואָס זיינען ענליך צו זיינער: ניט „ק י י ן ק י נ ד ע ר פ ו ן ד ע ר ע ר ד", וואָס זיינען קנעכטיש צוגעבונדען צום פּאַראַקערטען באָדען, נאָר „ג י י ס ט ע ר, ק י נ ד ע ר פ ו ן ד ע ר ז ו ן", וואָס מוזען זיך שטענ־דיג אויסדרעהן צו דער ליכט, — פון וואַנען זי זאָל ניט קו־מען.

וואוהין זאָל ער געהן? ער האָט עס ניט געוואוסט. אָבער אינסטינקטיוו האָבען זיך זיינע אויגען געווענדט צו די לאַטיינישע דרום לענדער. — און צו ערשט צו פראַנק־רייך, — פראַנקרייך דאָס שטענדיגע רעטונגס־אָרט פון דער אַנגעוועהטאָגטער דייטשלאַנד. ווי פיעל מאָל האָט דער דייטשער געדאַנק זיך מיט איהר באַדיענט און צו דער זעל־בער צייט אויף איהר לשון הרע גערעדט! אפילו נאָך די זיבעציגער יאָהרען — וואָס פאַר אַ אַנציה־קראַפט ס'האָט זיך געצויגען פון פּאַריז — פון דער שטאָט וואָס האָט זיך געדויכערט, אַ צושמעטערטע, אונטער די דייטשע קאַנאָנען! די רעוואָלוציאָנערסטע און רעאַקציאָנערסטע פאָרמען פון גע־דאַנק און קונסט האָבען דאָרט, איינע נאָך דער אַנדערער, און אַמאָל צו דער זעלבער צייט, געפונען זייער מוסטער און אינ־ספּיראַציע. קריסטאָף, ווי פיעל אַנדערע עלענד־אומגליקלי־כע מוזיקער, האָט אויך געווענדט זיין בליק צו פּאַריז צו... וואָס האָט ער געוואוסט וועגען די פראַנצויזען? — צוויי פרויען־געזיכטער און אַ פּאָר ביכלאָך וואָס ער האָט צופעליג געלעזען. דאָס איז גענוג געווען, אַז ער זאָל זיך פאָרשטע־לען פראַנקרייך ווי אַ לאַנד פון ליכט, לוסטיגקייט, מוט, — און דערצו אביסעל גאַלישע באַריהמעריי וואָס פּאַסט זיך

ניט'קשה'דיג צו אַ דרייסט־יוגענדליכער מוטיגקייט. ער האָט אין דעם געגלויבט, ווייל ער האָט געמוזט גלויבען, ווייל ער האָט מיט זיין גאַנצער נשמה געוואָלט ס'זאָל זיין אַזוי.

ער האָט באַשלאָסען אוועקצופאָהרען. — ער האָט אָבער ניט געקאָנט אוועקפאָהרען צוליעב זיין מאַמען.

לואיזע האָט זיך געהאַלטען אין עלטערען. זי האָט פאַר־נעטערט איהר זוהן, וואָס איז געוועזען איהר איינציגער נחת און איהם ליעב געהאַט מעהר ווי אַלץ אויף דער וועלט. פונדעסטוועגען האָבען זיי אייגער פונ'ם צווייטען געליטען. זי האָט קריסטאָף'ן ווייניג־וואָס פאַרשטאַנען און ניט גע־פרואווט איהם פאַרשטעהן. זי האָט איהם נאָר געוואָלט ליעב האָבען — און נאָר פון דעם געטראַכט. איהר גייסט איז גע־ווען באַגרענעצט, איינגעשרומפט און טעמפּ; נאָר איהר האַרץ איז געוועזען טיעף־פיהלענד; זי האָט געהאַט אַן אומ־געהייערען באַגעהר צו ליעבען און געליעבט צו ווערן, אַ באַ־געהר, וואָס האָט איז זיך געהאַט עטוואַס ריהרענדעס און טרויעריגעס. זי האָט רעספּעקטירט איהר זוהן ווייל ס'האָט איהר אויסגעוויזען אַז ער איז אַ גרויסער געלעהרטער; זי האָט אָבער אַלץ וואָס מעגליך געטאָן צו דערשטיקען אין איהם זיין זשעני. זי האָט גערעכענט אַז ער וועט פאַרבליי־בען זיין גאַנצען לעבען נעבען איהר, אין זייער שטעטעל. זיי האָבען אַזוי פיעל יאָהרען געלעבט צוזאַמען, אַז זי האָט נאָר ניט געקאָנט פאַרשטעהן ווי דאָס קאָן ווערען אַנדערש. זי האָט זיך אין דער איצטיגער לאַגע געפיהלט גליקליך: פאַרוואָס זאָל ער דאָס ניט אַזוי פיהלען? איהרע שעהנסטע חלומות וועגען איהם זיינען געוועזען אַז זי זאָל איהם זעהן חתונה האָבען דוקא מיט אַ טאָכטער פון אַ רייכען בעל־

הבית פון דער זעלבער שטאט, איהם הערען שפּיעלען דעם ארגעל זונטאג אין קלויסטער, און ער זאָל פון איהר קיינמאָל ניט אוועק. זי האט איהר זוהן באטראכט אזוי ווי ער וואלט נאך אלץ געווען א צוועלף־יאהריגער אינגעל. — ס'האָט זיך איהר געוואָלט ער זאָל שטענדיג אזוי זיין. זי האט אומגערן גע־מאטערט דעם אומגליקליכען יונגען־מאן, וועלכער איז ממש דערשטיקט געוואָרען אין דער דאָרטיגער שמאָלער וועלטעל.

און דאך איז געלעגען פיעל אמת—א מאָראַלישע גרויס־קייט — אין דער נאַיוועך פילאָזאָפיע פון דער מאַמען, וועל־כע האט ניט געקאנט פארשטעהן די שטאָלצע השגות און האט געפונען איהר גאנצעס לעבענס־גליק אין דער פאמי־ליען־ליעבע און אין אפּהיטען די איינפאכסטע פליכטען. איהר נשמה האט בלויז געוואָלט ליעבען און געליעבט ווע־רען. בעסער זיך אפּזאָגען פונ'ם לעבען, פונ'ם שכל, פון דער לאָגיק, פון דער ממוש'דיגער וועלט, פון אלץ, איידער זיך אפּצוזאָגען פון דער ליעבע! און איהר ליעבע איז געווען אן אומענדליכע, א בעטענדע, א פאָדערענדע. די ליעבע האט אלץ אוועקגעגעבען און געוואָלט מ'זאָל א י ה ר אלץ אויך אוועקגעבען; די ליעבע האט זיך אפּגעזאָגט פונ'ם לעבען כדי צו ליעבען און האָט דאס זעלבע פאַרלאַנגט אויך פון די אנדערע, פון די געליעבטע. אַה! די גרויסע ליעבעס־מאַכט פון אן איינפאַכער נשמה! זי געפינט באַלד, דאס וואס דער טאַפּענדער, פאַרשענדער, אומבאַשטימטער זשעני פון א טאָל־סטאָי זוכט אָדער דאס וואס די צו ראַפינירטע קונסט פון א שטאַרבענדער ציוויליזאַציע דערגעהט נאָך א גאַנצען לע־בען — נאָך יאהרהונדערטע — פון ביטערען קאַמף און אויס־מאַטערענדער אָנשטרענגונג. אבער די הערשענדע וועלט, וואס האט אין קריסטאָף'ן געשטרייט, האט געהאט גאַנץ

אַנדערע כּללים און געפאָדערט אַז אַנדער לעבענס־פילאָ־
זאָפי.

שוין לאַנג אַז ער האָט געוואָלט דערצעהלען זיין מאַמען זיין
באַשלוס. ער האָט אָבער געציטערט ביים געדאַנק אַז ער וועט
איהר אָנטאָן יסורים, און יעדען מאָל בעת ער האָט שוין גע־
וואָלט ריידען, פלעגט ער פאַרלירען דעם מוט און עס אָפּגעלען
אויף שפּעטער. צוויי־דריי מאָל האָט ער איהר דאָך געגעבען
שוואַכע אָנצוהערינישען, אַז ער האָט בדעה אַפּצופאָהרען;
לואיזע האָט עס אָבער ניט ערנסט אָנגענומען — אפשר האָט
זי בלויז געמאַכט אַן אָנשטעל אַז זי נעהמט עס ניט ערנסט,
כּדי איהם איינצורייידען אַז ער מאַכט בלויז אַ שפּאַס. דאַן
פלעגט ער ווי מורא האָבען ווייטער צו ריידען; ער פלעגט
אָבער בלייבען אומעטיג און פאַרטראַכט און מ׳האָט געקאָנט
פיהלען אַז אַ סוד דריקט איהם אויפ׳ן האַרצען. און די
אָרעמע פרוי, וועלכע האָט ווי געפיהלט וואָס דער סוד איז,
האָט זיך אָנגעשטרענגט אָפּשטופּען די צייט ווען ער וועט
איהר דערצעהלען. אַמאָל אין אָבענט בעת זיי פלעגען שטיל
זיצען איינער נעבען אַנדערן ביים אָנגעצונדענעם לאָמפּ,
פלעגט זי פלוצלונג דערפיהלען אַז אָט וועט ער אָנהויבען
צו ריידען; דאַן פלעגט זי, אַ דערשראָקענע, אַליין נעהמען
ריידען, זעהר שנעל, סתם אין דער וועלט אריין און איבער
וואָס עס האָט זיך געמאַכט, — זי האָט קוים געוואוסט וואָס
זי זאָגט; זי האָט איהם אָבער ווי עס זאָל ניט זיין געמוזט
אָפּהאַלטען פונ׳ם ריידען. געוועהנליך פלעגט איהר דער
אינסטינקט אָנווייזען דעם בעסטען מיטעל ווי איהם צו מאַ־
כען שווייגען: זי פלעגט זיך שטיל אָנהויבען באַקלאָגען אויף
איהר געזונט, אויף איהרע געשוואָלענע פיס, אויף די קרעמ־
פען וואָס האָבען זי געמאַטערט. זי פלעגט זאָגאַר איבער־

טרייבען איהר שלאפקייט, זאגנדיג אז זי איז אן אלטע, אומ־באהאלפענע באשעפעניש וואס טויג שוין צו גארנים. זי האט איהם אבער מיט איהר נאיווער כיטראסט ניט געקאנט נארען. ער פלעגט אויף איהר אומעטיג קוקען, מיט א שטור־מען פארוואורף אין די אויגען, און אין א ווײלע ארום זיך אויפהויבען, זאגענדיג כלומר'שט אז ער איז מיעד און געהט זיך לעגען שלאפען.

די אלע קונצען האבען אבער לואיזע'ן לאנג ניט גע־קאנט העלפען. איין אבענט בעת זי האט געוואלט דאס זעלבע מיטעל אנווענדען, האט זיך קריסטאף אנגענומען מיט מוט און ארויפלעגענדיג זיין האנט אויף דער אלטער'ס, האט ער געזאגט:

— ניין, מאמע, כ'האב דיר עפעס צו זאגען.

לואיזע איז דערשראקען געווארען; זי האט אבער גע־פרואווט שמייכלען און געזאגט — מיט אן איינגעצויגענעם האלז:

— וואס איז עס, קינד מיינס?

קריסטאף האט איהר שטאמלענדיג געזאגט, אז ער האט בדעה אוועקצופאהרען. זי האט פרובירט מאכען דערפון א שפאס, און פארדרעהן דעם שמועס ווי געוועהנליך; ער איז אבער געבליבען אזוי ערנסט און פעסט אז זי האט שוין מעהר ניט געקאנט צווייפלען. דאן איז זי אנטשוויגען גע־ווארען; דאס גאנצע בלוט האט זיך אין איהר אפגעשטעלט; זי איז געבליבען זיצען שטום און פארגליווערט, און אויף איהם געקוקט מיט צושראקענע אויגען. דער צער וואס ער האט געזעהן אין איהרע אויגען איז געווען אזוי גרויס, אז די ווערטער זיינען איהם געבליבען שטעקען אין האלז, — און זיי זיינען ביידע געבליבען שטיל. ווען זי האט ענדליך

אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם האָט זי געזאָגט, — (און איהרע ליפּען האָבען געציטערט) — :

— ס'קאָן ניט זיין... ס'איז אומעגליך...

צוויי גרויסע טרערען האָבען אַראָפּגערונען פון איהרע באַקען. אַז ענטמוטיגטער האָט ער אַפּגעדרעהט דעם קאָפּ און זיך באַהאַלטען דעם פּנים אין די הענט. זיי האָבען ביידע געוויינט. שפּעטער אביסעל איז ער אריין אין זיין צימער און זיך אָפּגעשלאָסען ביז'ן צווייטען פריהמאָרגען. זיי האָבען מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט דאָס געשעהנע. זיין שווייגען האָט זי אָבער ניט בארוהיגט; זי האָט זיך געוואָלט איבערצייגען, אַז ער האָט אויפגעגעבען זיין פּלאַן; און זי האָט געלעבט אין איין שרעק.

דער טאָג איז דאָך אָבער געקומען, ווען ער האָט מעהר ניט געקאָנט שווייגען. ער האָט געמוזט ריידען אפילו ווען דאָס זאָל איהם צורייסען דאָס האַרץ: ער האָט צופיעל געליטען. זיינע אייגענע לײַדען זיינען שטאַרקער געווען ווי דער געפיהל אַז זי וועט דערפון ליידען. ער האָט גערעדט, — גערעדט און זיך ניט אָפּגעשטעלט אויסמיידענדיג צו קוקען אויף זיין מאַמען פון מורא ניט גערירט צו ווערען. ער האָט אפילו באַשטימט דעם טאָג פון זיין אָפּפאָהר כדי ניט צו דאַרפען נאָכאמאָל די זאַך איבערריידען; — (ער האָט ניט געוואוסט, צו ער וועט נאָכאמאָל האָבען דעם טרויעריגען מוט וואָס ער האָט היינט געהאַט).

— לואיזע האָט געשריען:

— ניין, ניין... שוויג שטיל!..

ער האָט זיך געהאַלטען פעסט און ווייטער שטרענג גערעדט. ווען ער האָט אָפּגערעדט — (און זי האָט שלוכצענדיג געוויינט) — האָט ער זי אָנגענומען פאַר די הענט און

געפּרואווט איהר געבען צו פאַרשטעהן ווי אומבאַדינגט נויד־
טיג ס'איז פאַר זיין קונסט ער זאָל אויף אַ צייט אוועק־
פאָהרען. זי האָט אָבער ניט געוואָלט הערען, געוויינט און
איבערגע'חזר'ט:

— ניין, ניין!.. איך וויל ניט.

נאָכדעם ווי ער האָט אומזיסט געפּרואווט איהר אַלץ דערווייזען מיט'ן שכל, האָט ער זי איבערגעלאָזט, רעכע־נענדיג אַז איבער נאַכט וועלען זיך איהרע מחשבות בייטען. ווען ער האָט זי אָבער אויף מאָרגען באַגעגענט ביים פריה־שטיק, האָט ער ווידער גענומען ריידען פון זיין פּלאַן. דער פּייפּען וואָס זי האָט אויפגעהויבען צום מויל איז איהר אראָפּ־געפאַלען און מיט אַן אנגעוועהטאָגטען קול אין וועלכען עס האָט זיך אַ פאָרוואורף געהערט, האָט זי געזאָגט:

— פאַרוואָס ווילסטו מיך דוקא מאַטערן?

ער איז געריהרט געוואָרען; ער האָט איהר אָבער גע־ענטפערט:

— טייערע מוטער, איך מוז!

— ניין! ניין! האָט זי איבערגע'חזר'ט. דו מוזט ניט... דו ווילסט מיר נאָר אַנטאָן יסורים... ס'איז אַ משוגעת...

זיי האָבען איינער דעם צווייטען געוואָלט איבערצייגען. איינער האָט זיך אָבער ניט צוגעהערט וואָס דער אנדערער זאָגט. ער האָט פאַרשטאַנען אַז ס'איז איבעריג צו טענה'ן; אַז דערפון ליידען זיי נאָך מעהר, און ער האָט זיך אַנגעהויד־בען פריי צו צוגרייטען צום אָפּפאָהר.

ווען לואיזע האָט געזעהן אַז איהר בעטען העלפט ניט, איז זי אריינגעפאַלען אין אַ שווערען, טיעפען אומעט. זי פלעגט פאַרברייגען איהרע טעג אָפּגעזונדערט ביי זיך אין

צימער און ניט אָנצינדען אפילו קיין לאָמפּ אין אָבענט. זי האָט אויפגעהערט צו ריידען, אויפגעהערט צו עסען און ביי נאכט פלעגט קריסטאָף הערען ווי זי וויינט. ער האָט דער־פון שרעקליך געליטען. ס'האָט זיך איהם פאר וועהטאָג געוואָלט וויינען אין בעט, וואו ער האָט זיך די גאַנצע נאכט געוואָרפען, ניט קאָנענדיג שלאָפען איבער זיינע געוויסענס־ביסען. ער האָט איהר דאָך אזוי ליעב! פארוואָס מוז ער איהר פארשאפען אזא צער?.. אַך! זי וועט ניט זיין די איינציגע צו ליידען איבער איהם: ער האָט עס קלאָר פאָראויסגע־זעהן... פארוואָס האָט איהם דער שיקזאַל געגעבען דעם פאר־לאַנג און די מאכט פון אַ מיסיע וואָס דאַרף פאַרשאַפען ליידען די וועמען ער האָט ליעב?

— אַ! האָט ער געקלערט, ווען איך זאָל זיין פריי, ווען איך זאָל ניט זיין געצוואונגען דורך אָט דער גרויזאמער מאכט צו זיין דאָס וואָס איך דאַרף זיין, און אויב נישט שטאַר־בען פאר בושה און עקעל צו זיך אליין — ווי גליקליך איך וואָלט אייך געמאכט, אייך וועמען איך האָב ליעב! לאָזט מיך צו ערשט לעבען, קעמפען, ארבייטען, ליידען און נאָכ־דעם וועל איך צו אייך צוריקקומען מיט אַ נאָך מעהר ליע־בענדער נשמה. ווי שטאַרק איך וואָלט וועלען בלויז ליעבען, ליעבען, ליעבען!..

ער וואָלט דעם שטענדיגען פאַרוואורף פון דער טרויעריג־פאַרצווייפעלטער נשמה ניט געקאָנט איבערטראָגען ווען לואיזע זאָל געוועזן האבען דעם כח אויפצוהאַלטען דעם שטו־מען פאַרוואורף. זי איז אָבער געוועזן שוואַך, האָט ליעב גע־האָט צו פּלוידערען און ניט געקאָנט האַלטען אין זיך דעם וועהטאָג וואָס האָט זי געשטיקט. זי האָט דעריבער גערעדט מיט איהרע שכנים. זי האָט אַלץ דערצעהלט איהרע צוויי

אַנדערע זיהן. און זיי האָבען ניט פאַרפעהלט די געלעגענ־הייט אויף איהם ארויפצוואַרפען די שולד. באַזונדערס רודאָלף וואָס איז שטענדיג געווען אייפערזיכטיג אויף זיין עלטערן ברודער, כאָטש ער האָט דערוויילע ווייניג־וואָס גע־האָט איהם מקנה־צו־זיין, — רודאָלף וואָס האָט שטאַרק גע־ליטען פון דעם מינדסטען שבח אויף קריסטאָף'ן, און בסוד מורא געהאַט — כאָטש ער האָט זיך ניט מודה געווען אין דער נידעריגער מחשבה — פאַר זיין ברודער'ס קינפטיגען ערפאָלג, — (ווארום ער האָט גענוג פאַרשטאַנד געהאַט צו דערפיהלען זיין ברודער'ס קראַפט אום מורא צו האָבען אַז אַנדערע זאָלען עס אויך ניט דערפיהלען) — רודאָלף האָט זיך גאָר מחיה־געווען צו צוקוועטשען קריסטאָף'ן אונטער דער געוויכט פון זיין גרויסקייט. ער האָט זיך פריהער קיינ־מאָל ניט אומגעקוקט אויף זיין מאַמען. כאָטש ער האָט גע־וואוסט אַז זי לעבט ניט אין רייכטום, און כאָטש ער איז בכח געווען איהר צו העלפען, האָט ער דאָס אַלץ געלאָזט אויף קריסטאָף'ן: ווען ער האָט זיך אָבער דערוואוסט פון קריס־טאָף'ס פּלאַן, האָט ער אין זיך פּלוצלונג אויסגעפונען אַ גאַנ־צען אוצר פון ליעבע. ער איז שטאַרק אין כעס געוואָרען פאַר וואָס ער וויל פאַרלאָזען זיין מאַמען און עס אָנגערופען אַ נידערטרעכטיגען עגאָיזם. ער האָט געהאַט די חוצפה דאָס צו זאָגען קריסטאָף'ן אין פּנים אַריין. ער האָט איהם אָנגע־מוסר'ט מיט אַ גרויסמוטיגער מינע ווי מען מוסר'ט אַז אַ קליין קינד וואָס איז ווערט אַ קאַנטשיק. ער האָט איהם אויפ'ן שטייגער פון אַ לעהרער דערמאַנט אַז זיינע פּליכטען צו דער מאַמען, און די אָפּפער וואָס זי האָט געבראַכט צו־ליעב איהם. קריסטאָף איז אויפגעשפּרונגען פון כעס און אויפרעגונג. ער האָט רודאָלף'ן ארויסגעבריקעט דורך דער

טיר און איהם אַנגערופען לומפּ און הינטישער היפּאָקריט. רודאָלף האָט זיך נוקם געווען, אַנרייצענדיג זיין מאַמען געגען איהם. לואיזע האָט זיך דעריבער אַנגעהויבען איינצורעדען אַז קריסטאָף האַנדעלט ווי אַ שלעכט קינד. זי האָט געהערט ווי מ'חזר'ט איבער אַז ער האָט ניט דאָס רעכט אוועקצו־פאָהרען און זי האָט זיך מיט'ן גאַנצען הארצען אַן דעם אַנ־געכאַפּט. אַנשטאָט זיך צו האַלטען ביים וויינען וואָס איז איינענטליך געווען איהר שטאַרקסטע געוועהר, האָט זי זיך גענומען מאַכען קריסטאָף'ן ביטערע און אומגערעכטע פאָר־וואורפען וואָס האָבען איהם אויפגערעגט. זיי האָבען זיך איינער דעם צווייטען געזאָגט אומאַנגענעהמע זאַכען און דער פּועל יוצא איז געווען אַז קריסטאָף וואָס האָט זיך נאָך ביז דעמאָלט געקוויינקעלט, האָט אַנגעהויבען וואָס שנעלער זיך צו צוגרייטען צו דער רייזע. ער האָט געוואוסט אַז די גוט־הארציגע שכנים האָבען רחמנות אויף זיין מאַמען און אַז אַלע ארום באַטראַכטען ז י פאַר אַ קרבן און א י ה ם פאַר אַ גזלן. ער האָט אָבער איינגעקוועטשט די ציין און זיך פעסט געהאַלטען ביי זיין באַשלוס.

די טעג זיינען אריבער. קריסטאָף און לואיזע האָבען כמעט ניט גערעדט צווישען זיך. אַנשטאָט הנאה צו האָבען פון דער קלענסטער רגע, פון די לעצטע פאָר טעג וואָס זיי זיינען נאָך פאַרבליבען צוזאַמען, האָבען די צוויי זיך־ליעבענ־דע באַשעפענישען צו נישט־געמאַכט די קורצע צייט — ווי ער טרעפט גאָר אָפּט — מיט אַ שווערען, אומזיסטען רוגז וואו די ליעבשאַפט ווערט פאַרשלונגען. זיי פלעגען זיך נאָר זעהן ביים טיש, וואו זיי פלעגען זיצען איינער אַנטקעגען דעם צווייטען, זיך ניט אַנקוקענדיג, ניט ריידענדיג, זיך צווינ־גענדיג צו עסען אַ פּאָר ביסענס ניט אַזוי צוליעב'ן עסען ווי

ווי צוליעב'ן אויסזעהן. קריסטאָף'ן פלעגט קוים געלינגען ארויסצורייסען א פּאָר ווערטער פונ'ם האלז; לואיזע פלעגט איהם אָבער ניט ענטפערען; און שפּעטער, ווען זי פלעגט וועלען ריידען, האָט ער שוין געשוויגען. די לאַגע איז געוואָרען אומערטרעגליך פאַרביידען, און וואָס מעהר זי האָט זיך פאַרצויגען אַלץ שווערער איז זי געוואָרען. וועלען זיי זיך טאַקע אַזוי פאַנאַנדערשיידען? לואיזע האָט אַנגעהויבען צו פאַרשטעהן, אַז איהר האַנדלונג איז אומגערעכט און אומגעלומפּערט; זי האָט אָבער צו שטאַרק געליטען כדי נאָך צו וויסען ווי אַזוי ווידער צו געווינען איהר זוהן'ס ליעבע וואָס זי האָט שוין געהאַלטען פאַר פאַרשפּיעלט, און צו געפינען וועלכען־עס־איז מיטעל ווי איהם אָפּצוהאַלטען פון דער רייזע, וואָס זי האָט נאָך אַלץ ניט געוואָלט אפילו פאַרשטעהן. קריסטאָף האָט פאַר'גנב'עטערהייט געקוקט אויף איהר בלייך און געשוואָלען פּנים און ס'האָט איהם ממש געשניטען אין האַרצען פון געוויסענביסען. אָבער זייענדיג באַשלאָסען אוועקצופאָהרען און וויסענדיג אַז ס'איז א פראַגע פון לעבען אָבער טויט, האָט ער, ווי א שוועכלינג, שוין געוואָלט זיין אוועק פון איהר און דערמיט אַנטלויפען פון זיינע געוויסענביסען.

זיין אוועקפאָהר איז געווען באַשטימט אויף איבערמאָרגען. איינער פון זייערע טרויעריגע מאָלצייטען האָט זיך נאָר־וואָס געענדיגט. אוועקגעהענדיג פון דער וועטשערע וואו זיי האָבען קיין איין וואָרט ניט איבערגעביטען צווישען זיך, האָט זיך קריסטאָף צוריקגעצויגען אין זיין צימער; און זיצענדיג פאַר'ן טיש מיט'ן קאָפּ צווישען די הענט, ניט קאָנענדיג טאָן קיין זאַך, איז ער געווען פאַרטיעפט אין שווערע מחשבות. ס'איז שוין געוואָרען שטאַרק שפּעט — באַלד א

זייגער איינס ביי נאַכט. פּלוצלונג האָט ער געהערט דעם גערויש פון אַן איבערקעהרטען שטול אין דערבייאיגען צי־מער. די טיר האָט זיך געעפענט און זיין מאַמע בלויז אין העמד, מיט באָרוועסע פיס האָט זיך שלוכצענדיג געוואָרפען אויף זיין האַלז. זי האָט געברענט פון פיבער, געקושט איהר זוהן און געקרעכצט כליפּענדיג פאַרצווייפעלט:

— פאָהר ניט אוועק! פאָהר ניט אוועק! איך בעט דיך! איך בעט דיך! מיין קינד, פאָהר ניט אוועק!.. כ'וועל דאָס ניט אויסהאַלטען... איך קאָן דאָס ניט, איך קאָן דאָס ניט אויסהאַלטען!..

צוטומעלט און דערשראָקען, האָט ער זי געקושט און געהאַלטען אין איין זאָגען:

— באַרוהיג זיך, טייערע מאַמע מיינע, באַרוהיג זיך, איך בעט דיך!..

אָבער זי האָט ווייטער געיאָמערט:

— איך קאָן דאָס ניט אויסהאַלטען... כ'האָב נאָר דיך... אויב דו פאָהרסט אוועק, וואָס וועט פון מיר ווערען? כ'וועל שטאַרבען אויב דו פאָהרסט אוועק. איך וויל ניט שטאַר־בען ווייט פון דיר. איך וויל ניט שטאַרבען אליין. וואַרט ביז איך וועל שוין זיין טויט!..

איהרע ווערטער האָבען איהם צוריסען דאָס האַרץ. ער האָט ניט געוואוסט וואָס איהר צו זאָגען אום זי צו טרייס־טען. וואָס פאַר אַ טענות האָבען געקאָנט ווירקען קעגען דעם שטורם פון ליעבע און שמערץ! ער האָט זי גענומען אויף די קניה און זי געפּרואווט באַרוהיגען מיט קושען און צערטליכע ווערטער. די אַלטע איז ביסלעכווייז שטילער גע־וואָרען און בלויז שוואַך געוויינט. ווען זי איז שוין געווען איינגעשטילט, האָט ער איהר געזאָגט:

— לעג דיך צוריק שלאָפן: וועסט זיך פאַרקיהלען.

זי האָט ווידער געזאָגט:

— פאָהר ניט אוועק!

ער האָט איהר גאָר שטיל געענטפערט:

— כ'וועל ניט אוועק פאָהרען.

זי האָט אויפגעציטערט און איהם אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט:

—אמת? — האָט זי געפרעגט. — אמת?

אַן ענטמוטיגטער האָט ער אָפּגעדרעהט דעם קאָפּ:

— מאָרגען, — האָט ער געזאָגט, — מאָרגען וועל איך דיר זאָגען... לאָז מיך אליין, איך בעט דיך!...

זי האָט זיך געהאַרכזאַם אויפגעהויבען און איז צוריק־געגאַנגען אין איהר צימער.

דעם צווייטען פריהמאָרגען האָט זי זיך געשעהמט מיט דעם משוגה'דיגען קריזיס וואָס איז אויף איהר אין מיטען דער נאַכט אָנגעפאַלען ווי א משוגעת, און זי האָט געציטערט איבער דעם וואָס איהר זוהן וועט איהר זאָגען. זי האָט אויף איהם געוואַרט זיצענדיג אין א ווינקעל פון צימער און גע־האַלטען א געניי כדי מיט וואָס צו זיין פאַרנומען. איהרע הענט האָבען עס אָבער ניט געקאָנט האַלטען און זי האָט עס אַראָפּגעלאָזט. קריסטאָף איז אַריינגעקומען; זיי האָבען זיך אין א האַלבען קול געזאָגט „גוט־מאָרגען" און זיך ניט גע־קוקט אין די אויגען אריין. ס'איז געווען טונקעל. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט פאַר'ן פענסטער מיט דער פּלייצע צו זיין מאַמען און איז געבליבען שטיל. א קאַמף איז אין איהם אָנגעגאַנגען; ער האָט שוין פריהער גאַנץ גוט געוואוסט וואָס דער רעזולטאַט וועט זיין. נאָר ער האָט געוואָלט אויף א־צייט עס אָפּהאַלטען. לואיזע האָט מורא געהאַט זיך צו

ווענדען מיט אַ וואָרט צו איהם און דערמיט אַרויסרופען דעם ענטפער וואָס זי האָט דערוואַרט און וואָס האָט זי געשראָ־קען. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט ווידער אָנצוהויבען איהר געניי; זי האָט אָבער ניט געזעהן וואָס זי טוט און די נאָדעל האָט זיך געפּלאָנטערט. אין דרויסען האָט גערעגענט. קריס־טאָף איז נאָך אַ לאַנגען שטיל־שווייגען צו איהר צוגעקומען. זי האָט זיך ניט אַ ריהר געטאָן, נאָר איהר האַרץ האָט גע־קלאַפּט. קריסטאָף האָט אומבאַוועגליך אויף איהר געקוקט; דאַן איז ער פּלוצלונג געפאַלען אויף די קניה און איינגעגראָ־בען זיין פּנים אין איהר שוים, און ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט האָט ער געוויינט. דעמאָלט האָט זי פאַרשטאַנען אַז ער פאַרבלייבט און אַ טויטליכע אַנגסט איז איהר אַראָפּ פון האַרצען. — באַלד איז אָבער דאָרט אריין דאָס געוויסענ־בים; זי האָט דערפיהלט דעם ווערט פון דעם וואָס איהר זוהן איז מקריב צוליעב איהר, און זי האָט אָנגעהויבען צו ליעבען אַלץ וואָס קריסטאָף האָט פריהער איבערגעליטען בעת ער האָט זי געוואָלט מקריב זיין. זי האָט זיך צו איהם צוגעבויגען און איהם באַדעקט דעם שטערן און די האָר מיט קושען. זייער צער און זייערע טרערען האָבען זיך אין דער שטיל פאַרמישט. ענדליך האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ, און לואיזע, נעהמענדיג זיין פּנים צווישען איהרע הענט, האָט אויף איהם געקוקט, איין אויג קעגען אַנדערען. ס'האָט זיך איהר געוואָלט זאָגען:

— פאָהר אוועק!

זי האָט אָבער ניט געקאָנט.

איהם האָט זיך געוואָלט זאָגען:

— איך בין צופרידען צו בלייבען.

ער האָט אָבער ניט געקאָנט.

די לאגע איז געווען א פארפלאנטערטע. קיין איינער פון זיי האט זי ניט געקאנט ענדערען. זי האט געזיפצט — און מיט ליעבע און צער געזאגט:

— אך! ווען מיר זאלען אלע קאנען געבארען ווערען צוזאמען, כדי צו שטארבען צוזאמען!

די נאיווע רייד האבען איהם דורכגענומען, אנגעפילט מיט צערטליכקייט. ער האט זיך אפגעווישט די טרערען, זיך אנגעשטרענגט צו שמייכלען און געזאגט:

— מיר וועלען אלע שטארבען צוזאמען.

זי האט איבערגעפרעגט:

— אמת טאקע? דיר פארדריסט ניט?

ער האט זיך אויפגעהויבען.

—כ'האב שוין געזאגט. לאמיר מעהר דעריבער ניט ריידען. פארפאלען.

קריסטאף האט געהאלטען ווארט. ער האט שוין מעהר פון אוועקפאהרען ניט גערעדט; ניט ווילענדיג האט ער אבער דערפון געטראכט. ער איז פארבליבען: ער האט אבער זיין מאמען געמאכט טייער צו באצאהלען פאר זיין אפפער מיט זיין שטענדיגען אומעט און שלעכטער שטימונג. און לואיזע, אומגעלומפערט — נאך מעהר אומגעלומפערט דערפאר ווייל זי האט געוואוסט אז זי איז עס און צוליעב דעם שטענדיג געטאן וואס מ'דארף ניט טאן — לואיזע, כאטש זי האט גאנץ גוט געוואוסט די אורזאך פון זיין ליידען, פלעגט צו־שטעהן, ער זאל דאס איהר זאגען. זי פלעגט איהם פשוט פלאגען מיט איהר ליעבע, איהרע טענות. איהר אויפגערעגטע, אומרוהיגע נאטור האט איהם שטענדיג דערמאנט ווי ווייט פארשיידען זיי זיינען איינער פונ'ם צווייטען, ווי אויך דאס וואס ער האט גראד געזוכט צו פארגעסען. ווי פיעל מאל

האָט ער געוואָלט פּאַרטרוויליך אויפעפענען פאַר איהר זיין הארץ! אָבער פּונקט בעת ער האָט שוין אָנגעהויבען ריידען, האָט זיך די כינעזישע וואַנט אוועקגעשטעלט צווישען זיי, און ער פלעגט ווייטער אין זיך האַלטען באַגראָבען זיינע סודות. זי האָט עס דערפיהלט, זי האָט אָבער ווי מורא געהאַט ארויסצורופען זיין פּאַרטרויען — אָדער זי האָט אפשר ניט געוואוסט ווי דאָס צו טאָן. ווען זי האָט דאָס שוין יאָ געפּרואווט, איז איהר בלויז געלונגען נאָך טיעפער אין איהם איינצוגראָבען די סודות וואָס האָבען איהם אזוי שווער געדריקט, און וואָס ער האָט געברענט א צווייטען איבערצוגעבען.

א סך קליינינקייטען, קאַפּריזען האָבען זי דערווייטערט פון איהם און איהם אויפגערעגט. די גוטע אַלטינקע איז געווען א ביסעל נאַריש און קינדיש ווי א סך אַלטע לייט. ס'פלעגט זיך איהר כמעט שטענדיג וועלען ריידען פון די שכנים; — זי האָט א חוץ דעם געהאַט דעם צערטליכען געפיהל פון די אַמען וואָס דערמאָנען תמיד אָן די גאָר קינדערישע נאַרישקייטען, און אַלץ וואָס איז פאַרבונדען מיט דער וויגאַלע. ס'איז אַזוי שווער אָנגעקומען דערפון ארויסצוקריכען און צו ווערען א דערוואַקסענער מענש! און יוליעטאַ'ס אַם מוז פאַר אייך שטענדיג אויסשפּרייטען די שמוציגע ווינדעלאַך, די קליינליכע געדאַנקען, די גאַנצע צרה'דיגע צייט ווען די נייַ־וואַקסענדע נשמה קעמפט געגען דער פּראָסטער, נידעריגער מאַטעריע און דער שטיקענדער סביבה!

און אין מיטען פון דעם אַלעמען פלעגט זי פּלוצלונג ווערען ריהרענד־צערטליך צו איהם — ווי צו א קליין קינד;

— דאָס פלעגט איהם דורכנעהמען מיט וואַרימקייט, איהם הינרייסען — ווי א קליין קינד.

דאָס ערגסטע איז געווען דאָס וואָס זיי האָבען פון פריהמאָרגען ביז'ן אָבענט געלעבט צוזאַמען, שטענדיג צו־זאַמען, אָפגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט. ווען צוויי מענשען ליידען און קאָנען איינער דעם צווייטענ'ס ליידען ניט דערלייכטערען, איז עס אָן אומגליק זיי אויפצורייצען; און א צייט קומט, ווען איינער באַטראַכט דעם צווייטען אַלס פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיינע יסורים; — און ביידע גלויבען דעריין סוף כל סוף. ס'איז בעסער צו זיין אליין; מ'ליידט כאָטש אליין.

זייער צוזאַמען־לעבען איז פאַר זיי געווען א טאָג־טעג־ליכע מאַטערניש. זיי וואָלטען זיך דערפון אפשר קיינמאָל ניט באַפרייט, וואו דער צופאַל וואָלט ניט געקומען, ווי עס געשעהט אָפט, און איבערגעשניטען דעם קנופ און געענדערט אויף א שיינבאַר טרויעריגען שטייגער — אין אמת'ן אָבער אויף א רעכטען שטייגער — די גרויזאַם־אומבאַשטימטע לאַ־גע אין וועלכער זיי האָבען זיך געראַנגעלט.

ס'איז געווען אַ זונטאָג אין אָקטאָבער, זייגער פיער נאָך מיטאָג. דאָס וועטער איז געווען וואונדער־שעהן. קריסטאָף איז געהאַט געבליבען דעם גאַנצען טאָג אין זיין צימער, פאַרטראַכט, פאַרטיעפט אין זיין אומעט.

ער האָט עס שוין מעהר ניט געקאָנט פאַרטראָגען. אַ אַ ווילדער באַגעהר האָט איהם געטריבען ארויסצוגעהן שפּאַצירען, לויפען, פאַרווענדען די ענערגי, אויסגעמאַטערט צו ווערען פון מיעדקייט אָבי צו פאַרגעסען אַן זיינע טרויעריגע מחשבות.

ער איז געווען זייט דעם פריהעריגען אָבענט ברוגז'לאָך אויף זיין מאַמען. ער האָט שוין געהאַלטען ביים אוועקגעהן ניט זאָגענדיג איהר „אַ גוטען טאָג". אָבער אויף יענער זייט טיר האָט ער אַ קלער געטאָן וואָס פאַר אַ וועהטאָג ער וועט איהר דערמיט פאַרשאַפען, דעם גאַנצען אָבענט בעת זי וועט זיין אַליין. ער איז צוריק אריינגעגאַנגען און זיך בלומרשט אַליין געוואָלט איינריידען, אַז ער האָט עפּעס פאַרגעסען אין צימער. די טיר פון זיין מאַמע'ס חדר איז געווען האַלב־אָפען. ער האָט אריינגעשטעקט דעם קאָפּ, דורך דער עפענונג באַטראַכט זיין מאַמען אַ פּאָר מינוטען... (ס'אַר אַ וויכטיגען אָרט ס'איז באַשערט געווען די פּאָר מינוטען צו פאַרנעהמען אין זיין ווייטערדיגען גאַנצען לעבען!...)

לואיזע איז נאָר וואָס געווען צוריקגעקומען פון קירך. זי איז געזעסען אויף איהר געוועהנליך־באַליעבטען אָרט, ביים ווינקעל נעבען פענסטער. די ווייס־שמוציגע און גע־

שפּאַלטענע וואַנט פון דעם אַנטקעגנענדיגען הויז האָט פאַר־שטעלט די ליכט פון די אויגען; פון איהר ווינקעל האָט מען אָבער געקאָנט זעהן אין דער רעכטער זייט, איבער די צוויי הויפענס פון די דערבייאיגע הייזער, א גרין־באַגראָזט שטיקעל ערד אַזוי גרויס ווי א האַנט־טיכעל. אויף דעם פענסטער־געזימס האָבען זיך ווילדע בלומען פון א טאָפּ גע־צויגען אויף די דינע שטריקלאַך, געקלעטערט און פאַר־וועבט אויף א לייטער און אַ זונען־שטראַהל האָט זיי נעגלעט. לואיזע איז געזעסען אויף א נידעריגען שטול מיט'ן רוקען איינגעבויגען איבער איהר גרויסער ביבעל אויפ'ן שויס, אָבער ניט געלעזען. מיט די הענט פאַרלייגט אויפ'ן בוך — איהרע הענט מיט די אַנגעשוואָלענע אָדערען און די פיער־עקיגע, געבויגענע נעגעל פון אַן ארבייטערין — האָט זי אַנ־קוועלענדיג, ליעבליך געקוקט אויף דער קליינער פלאַנץ און אויף דעם שטיקעל הימעל וואָס מ'האָט דורגעזעהן. דער אָפּ־שיין פון דער זון אויף די גרין־באַגאָלדעטע בלעטער האָט באַלייכטען איהר אויסגעמאַטערטען רויטליכען־געפלעקטען פּנים, איהר ווייסע, שעהנע און דיקליכע האָר און איהר שמייכלענדיגע, האַלב־אָפענע מויל. זי האָט הנאה געהאַט פון דער אָפּרוה־שטונדע. ס'איז פאַר איהר געווען די בעס־טע שעה אין דער וואָך. זי האָט דאָס אויסגענוצט, זיך פאַר־טיעפענדיג אין דעם זיס־שווערמערישען געפיהל וואָס איז אַזוי אַנגענעהם פאַר די וואָס לײדען, און אין וועלכען, האַלב באַטויבט און פאַר'חלום'ט, בלייבט שטיל אַלץ, אַחוץ דאָס האַלב־איינגעשלאָפענע האַרץ.

— מוטער, — האָט ער געזאָגט — עס ווילט זיך מיר אַרויסגעהן. איך געה מיך א ביסעל דורכשפּאַצירען אַרום דעם בואיר; איך וועל צוריקקומען שפּעטלאַך.

לואיזע האָט געדרעמעלט און לייכט אויפגעציטערט הע־רענדיג זיין קול. זי האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צו איהם און איהם אַנגעקוקט מיט איהרע גוטע, פרידליכע אויגען.

— געה, קינד מיינס, — האָט זי געזאָגט — האָסט רעכט; געה ווי פיעל דו ווילסט. דאָס וועטער איז שעהן.

זי האָט איהם צוגעשמייכעלט. ער האָט צו איהר אויך געשמייכעלט. א וויילע האָבען זיי זיך אַנגעקוקט, און דער־נאָך געזאָגט „א גוטע נאַכט", צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ און צוואווינקענדיג מיט די אויגען.

ער האָט שטיל פאַרמאַכט די טיר. זי האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין איהר חלום אויף וועלכען איהר זוהן'ס שמייכעל האָט געוואָרפען א לייכטענדען שטראַהל ווי דער זונען־שטראַהל אויף די בלייכע בלעטלאך פון די ווינד־בלומען.

און אזוי האָט ער זי פאַרלאָזט — אויפ'ן גאַנצען לע־בען.

אַז אָבענט אין אָקטאָבער. אַ בלײַכע, װאַרעמליכע זון. די שמאַכטענדע לאַנדשאַפט װערט אַנדרעמעלט. די קלײנע גלעקלאַך פון די שטעדטלאַך און דערפלאַך קלינגען פּאַמעלאַך אָפּ אױף די שטילע פעלדער. דאָ און דאָרט, אױף דער פּאַר־אַקערטער ערד, הױבען זיך לאַנגזאַם אױף גאַנצע זײלען רױך. אַ לײַכטער נעפּעל שװעבט פון דער װײַטענס. אַ װײַסער טומאַן טוליעט זיך צו דער פײַכטער ערד און װאַרט אױף דער נאַכט, ער זאָל זיך אױפהױבען... אַ יאַגד־הונט, מיט דער נאָז אױף דער ערד, לױפט אַרום און מאַכט דערבײ קײ־לעכדיגע רעדער אױף אַ פעלד מיט בורעקעס. גאַנצע מחנות װאָראָנעס דרעהן זיך אונטער׳ן גרױען הימעל.

קריסטאָף איז געגאַנגען אַ פאַר׳חלום׳טער אָהן אַ ציעל. — דאָך האָט ער, װי אינסטינקטיװ געשפּאַנט אין אַ געװי־סער ריכטונג. זינט עטליכע װאָכען האָבען זײנע שפּאַצירען אַרום שטאָט, װילענדיג אָדער ניט, שטענדיג זיך געדרעהט אַרום אַ דאָרף, װאו ער איז זיכער געװען צו באַגעגענען אַ שעהן מײדעל װאָס האָט איהם צוגעצױגען. ס׳איז בלױז גע־װען אַ רײצענדע צוציהונג, אָבער אַ גאַנץ שטאַרקע, און אַ מעהר־װעניג אומרוהיגע. קריסטאָף האָט כמעט שטענדיג גע־מוזט אימעצען ליעב האָבען; און זײן האַרץ איז זעלטען־װען געװען לײדיג: ס׳איז דאָרט אַלעמאָל געװען עפּעס אַ שעהן געשטאַלט װאָס איז זײן אָפּגאָט געװאָרען. ס׳האָט איהם גאַנץ אָפט װעניג־װאָס געאַרט צו דער אָפּגאָט װײסט פון זײן ליעבע: זײן באַגעהר איז געװען צו ליעבען. דער פײער האָט

זיך קיינמאָל ניט געטאָרט אויסלעשען, עס דאַרף קיינמאָל ניט ווערען פינסטער אין הארצען!

דער נייער פלאַם איז אָנגעצונדען געוואָרען פון אַ פויערס־מיידעל, וועלכע ער האָט באַגעגענט, ווי אליעזר רבקה׳ן, ביי אַ ברונים; זי האָט איהם אָבער ניט אָנגעבאָטען צו טרינקען: זי האָט איהם באַשפּריצט דעם פּנים מיט וואַסער. קניהענדיג נעבען ברעג פון אַ וואַסערעל באַרג־אַראָפּ צווישען צוויי ווערבע־בוימלאַך וועמעס וואָרצלען האָבען אַרום איהר געמאַכט ווי אַ נעסט, האָט זי מעשה־בריה געוואַשען גרעט, און איהר צונג האָט פּונקט אַזוי געאַרבייט ווי איהרע הענט: זי האָט געשמועסט און שטאַרק געלאַכט מיט די אַנדערע דאָרפס־מיידלאַך וואָס האָבען געוואַשען אַנטקעגען איהר, אויף דער אַנדערער זייט פון׳ם טייכעל. קריסטאָף האָט זיך געהאַט געלעגט אויפ׳ן גראַז ניט ווייט, און מיט׳ן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט האָט ער אויף זיי געקוקט. זיי זיינען דערפון ניט פאַרשעהמט געוואָרען: זיי האָבען ווייטער געפּלוידערט, און צייטענווייז אויף אַ גאַנץ וויציגען און שאַרפען שטייגער. ער האָט זיך קוים צוגעהערט צו זייערע רייד: ער האָט בלויז געהערט דעם קלאַנג פון זייערע לאַכענדיגע שטימען, וואָס האָט זיך פאַרמישט מיט׳ן קלאַפּען פון די גרעט, מיט׳ן רעווען פון די קיה ווייט אויף די לאָנקעס; און ער האָט גע׳חלום׳ט, און אויף קיין רגע ניט אַראָפּגענומען די אויגען פון דער שעהנער וועשערין. אַ לוסטיג, יוגענדליך פּנים פלעגט איהם דערפרעהען אויף אַ גאַנצען טאָג. — די מיידלאַך האָבען זיך באַלד אַרומגעזעהן וועמען ער שענקט זיין אויפמערקזאַמקייט; זיי האָבען אָנגעהויבען מאַכען צווישען זיך שטעכעדיגע באַמערקונגען, און זי אין וועמען ער האָט זיך פאַראינטערעסירט, — האָט איהם צור־

געוואָרפען די בייסענדסטע ווערטלאַך. אַזוי ווי ער האָט זיך אָבער ניט געריהרט פון אָרט, האָט זי אָנגענומען אַ פּאַק אויסגעוואַשענע און אויסגעדרעהטע וועש און אָנגעהויבען אויסצולעגען אויף די בוימלאַך, זיך דערנעהענטערענדיג צו איהם כדי איהם בעסער צו זעהן. פאַרבייגעהענדיג נעבען איהם האָט זיך איהר איינגעגעבען איהם אָפּצושפּריצען מיט די נאַסע ליילאַכער, און איהם אָנצוקוקען העזה'דיג, לאַכענדיג. זי איז געווען אַ צאַרטע אָבער פעסט־געבויטע, און געהאַט אַ פעסטע, עטוואָס אַראָפּהענגענדיגע מאָרדעטשקע, אַ קורצע נאָז, שעהן־געבויגענע ברעמען, טונקעל־בלויע אויגען: בליי־שטשענדע, געוואַגטע און שטרענגע, אַ שעהן מויל מיט גראָ־בע ליפּען, אביסעל אָנגעבלאָזענע ווי ביי אַלט־גריכישע מייד־לאַך, אַ מאַסע בלאָנדע האָר פאַרדרעהט אויפ'ן נאַקען און אַ געזונטע נאַטור־פאַרב פון הויט. זי האָט געטראָגען דעם קאָפּ גלייך, צוגעשמייכעלט ביי יעדען וואָרט וואָס זי האָט אַרויסגערעדט און אַפילו ווען זי האָט געשוויגען, און געגאַנגען ווי אַ מאַנסביל, וואַרפענדיג מיט איהרע פון זון אָפּגעברענטע הענט. — זי האָט ווייטער אויסגעלעגט די וועש און געקוקט אויף קריסטאָף'ן מיט אַ רייצענדען בליק — וואַרטענדיג ער זאָל ריידען. קריסטאָף האָט אויף איהר אויך אויסגעשטעלט די אויגען, אָבער עס האָט זיך איהם גאָר ניט געוואָלט רייי־דען מיט איהר. צולעצט האָט זי אויסגעשאָסען מיט אַ געי־לעכטער גלייך איהם אין פּנים אריין און זיך אומגעקעהרט צו איהרע חבר'טעס. ער איז געבליבען ליגען אויסגעשטרעקט אויפ'ן זעלבען אָרט ביז'ן אָבענט, און געזעהן ווי זי געהט אוועק מיט אַ פּאַק אויף די פּלייצעס, די הענט פאַרלעגט אויף דער ברוסט, דעם רוקען געבויגען, ריידענדיג און לאַכענדיג אהן אַ שיעור.

ער האָט זי ווידער געפונען אין צוויי־דריי טעג אַרום אויפ׳ן שטאָטישען מאַרק און אַרום איהר אַ קופּע מיט מעהרן, טאָמאַטען, אוגערקעס און קרויט. ער איז אַרומגעגאַנגען פאַמעלאַך און זיך צוגעקוקט צו די אַלע הענדלערינס וואָס זיינען געשטאַנען, אַלע אין איין רייהע פאַר זייערע קוישען. דער פּאָליציייסקער איז צוגעגאַנגען צו עטליכע פון זיי מיט זיין טייסטער און די צונויפגעלעגטע בילעטען, צונעהמענדיג אַ מטבע און געבענדיג אַ פּאַפּירעל. די קאַווע־הענדלע־רין איז געגאַנגען פון איין רייה צו דער אַנדערער, טראָגענדיג אַ פולען קאָרב מיט קאַווע־טעפּלאַך. אַן אַלטע מאָנאַשקע, אַ פריילּיכע און געזונטע, איז אַרומגעגאַנגען דעם מאַרק מיט צוויי גרויסע קערב אויף די הענט, און אָהן איבעריגער עניות געבעטעלט גרינס, ריידענדיג דערביי וועגען באַרמ־הערציגען גאָט. פון אַלע זייטען האָט מען געשריען; די אַלטע וואָגענס מיט די גרין־געפאַרבטע וואָג־שאָלען האָבען געטאַנצט און אָפּגעקלונגען ווי קייטען; גרויסע הינט איינ־געשפּאַנט אין קליינע וועגעלאַך האָבען לוסטיג געבילט, שטאָלץ מיט זייער וויכטיגער ראָלע. אין מיטען פון דעם געדרענג האָט קריסטאָף דערזעהן רבקה׳ן; — איהר אמת׳ער נאָמען איז געווען לאָרכען (עלעאָנאָרע). — אויף איהרע בלאָנדע האָר איז געלעגען אַ גרוים וויים־גרינע קרויט־בלאַט וואָס האָט אויף איהר אויסגעזעהן ווי אַ פיין־געשניטען דאַנ־טעלען היטעלע. זיצענדיג אויף אַ קויש, און פאַר זיך אַ באַרג געלע ציבעלעס, קליינע, רויטליכע ברוקוועס, גרינע בעב־לאַך און רויטע עפּעל, האָט זי אַפּעטיטלאַך געגעסען איין עפּעל נאָכ׳ן צווייטען זיך ניט קימערענדיג זיי צו פאַרקויפען. זי האָט געגעסען אָהן אַן אויפהער. פון צייט צו צייט האָט זי זיך אָפּגעווישט דעם פּנים און דעם האַלז מיט איהר פאַר־

טוך, אויפגעהויבען איהרע האר מיט די ארעמס, זיך געריבען די באקען, די אקסלען און די נאז מיט דער האנט. אדער זי האט מיט די הענט אויף די קניה געהאלטען אין איין ווארפען פון איין האנט אין דער אנדערער א הויפען ארבעס, און געקוקט רעכטס און לינקס מיט א פוילער, גלייכגילטיגער מינע. זי האט אבער געזעהן אלץ וואס קומט פאר ארום איהר. כאטש זי האט זיך געמאכט ניט־וויסענדיג, האט זי ניט פארפעהלט קיין איין בליק פון די וואס מ'האט איהר צוגעווארפען. זי האט געזעהן קריסטאף'ן. ריידענדיג מיט די קונים האט זי אויף אן אייגענעם שטייגער געוואוסט ווי אויפצוהויבען די ברעמען און זעהן איבער זייערע קעפ איהר פארעהרער. זי האט זיך געהאלטען ערנסט און מיט חשבות ווי א פאפסט; אין זיך אבער האט זי געלאכט פון קריסטאף'ן. ער איז עס דאס טאקע ווערט געווען: ער איז געשטאנען ווי א צוגעקאוועטער עטליכע טריט פון איהר און זי ממש גע־שלונגען מיט די אויגען; און נאכדעם איז ער אוועקגעגאנ־גען, ניט ארויסריידענדיג קיין ווארט צו איהר. ער האט ניט געהאט דעם מינדסטען פארלאנג דאס צו טאן.

ער איז עטליכע מאל געקומען און זיך ארומגעדרעהט אויף'ן מארק און ארום דעם דארף וואו זי האט געוואוינט. זי פלעגט ארומגעהן אהין און צוריק איבער'ן הויף פון דער פארמע; ער פלעגט זיך אפשטעלען אויפ'ן טראקט צו קוקען אויף איהר. ער האט זיך ניט מודה געווען אז ער קומט אהין צוליעב איהר, און אין אמת'ן פלעגט ער דאס טאן ווי אהן זיין וויסען. בעת ער פלעגט זיין פארטיפט (ווי עס פלעגט געשעהן) אין א קאמפאזיציע, פלעגט ער זיך פיהלען עפעס ווי א נאכט־וואנדלער; בעת די באוואוסטזיניגע נשמה האט נאכגעפאלגט דעם מוזיקאלישען געדאנק, איז דער אי־

בעריגער טייל פון זיין וועזען געבליבען אין די הענט פון דער צווייטער נשמה, דער אומבאַוואוסטזיניגער, וואָס האָט געהיט די מינדסטע גייסטיגע צושטרייאונג אום צו אַנט־לויפען אויפ׳ן פרייען פעלד. שטעהענדיג פאַר איהר פלעגט ער אָפט בלייבען א צוטומעלטער, פונ׳ם הוזשען פון זיינע מוזיקאַלישע געדאַנקען, און קוקענדיג אויף איהר פלעגט ער ווייטער חלום׳ען. ער האָט ניט געקאָנט זאָגען אַז ער איז אין איהר פאַרליעבט. ער האָט דערפון אפילו ניט געקלערט. ער האָט בלויז הנאה געהאַט זי צו זעהן: ניט מעהר. ער האָט זיך ניט אָפּגעגעבען קיין חשבון און ניט פאַרשטאַנען דעם באַגעהר וואָס טרייבט איהם אַלץ צו איהר.

זיין אָפּטער צוריקקומען האָט אָבער אויפגעבונדען די בייזע צינגער. די מענשען אויף דער פערמע האָבען זיך דער־ריבער געוויצעלט, און מען איז צום סוף דערגאַנגען ווער קריסטאָף איז. מ׳האָט איהם איבעריגענס צו־רוה געלאָזט, ווייל ער האָט קיינעם ניט געטשעפּעט. באמת האָט ער אויס־געזעהן נאַריש, אָבער דאָס האָט איהם ניט געאַרט.

אין דאָרף איז געווען אַ יום־טוב. אינגלאַך האָבען אויס־געשאָסען פייער־ווערק און געשריען: „עס לעבע דער קייזער! האָך!" מ'האָט געהערט דאָס מעקען פון אַ קאַלב איינגע־שפּאַרט אין אַ שטאַל און דעם געזאַנג פון טרינקער אין קרעטשמע. פּאַפּירענע שלאַנגען מיט עקען פון קאָמעטען זיינען אדומגעפלויגען אין געפלאַטערט אין דער לופט אי־בער די פעלדער. די היהנער האָבען מיט אַ משונה'דיגען פליים געגריבעלט אין שטרוי און אין אַ גאָלד־געלער קופּע מיסט. דער ווינט האָט שטאַרק צובלאָזען זייערע פעדערען גראַד ווי די קליידער פון אַלטע דאַמען. אַ העל־רויטליכער חזר איז געשמאַק געשלאָפען אויף אַ זייט ביי דער זון.

קריסטאָף איז גלייך געגאַנגען צו דער קרעטשמע „די דריי קעניגע" מיט איהר רויטען דאַך, איבער וועלכען ס'האָט געפלאַטערט אַ קליינע פאָהן. שנורען ציבעלעס זיי־נען געהאָנגען פון פאָרענט, און די פענסטער זיינען געווען באַצירט מיט רויטע און געלע בלומען. ער איז אריין אין שענק. דאָס גרויסע צימער איז געווען פול מיט טאַבאַק־רויך, אויף די ווענט זיינען געהאָנגען ביליגע, קאָלירטע ביל־דער און אויפ'ן בכבוד'יגסטען אָרט האָט מען געזעהן דעם קאָלירטען פּאָרטרעט פונ'ם קייזער־קעניג ארומגעראַמט מיט אַ קראַנץ פון דעמבע־בלעטער. מ'האָט געטאַנצט. קריסטאָף איז געווען זיכער, אַז זיין שעהן פריינדין מוז דאָרט זיין. און זי איז טאַקע געווען די ערשטע וועמען ער האָט דער־זעהן. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אין אַ ווינקעל, פון וואַ־

נען ער האָט רוהיג געקאָנט זיך צוקוקען צו די ריטמישע באַ־
וועגונגען פון די טענצערס. ער האָט ניט געוואָלט באַמערקט
ווערען פון לאַרכען. זיין מיה איז אָבער געווען אַן אומזיסטע.
זי האָט איהם באַלד דערזעהן אין זיין באַהאַלטענעם ווינ־
קעל, און אויסדרעהענדיג אַהן אַ שיעור די וואַלצען, האָט זי
שנעל, פון צייט צו צייט איבער איהר טענצער׳ס אַקסעל,
איהם צוגעוואונקען כדי דערמיט זיך צו פאַרזיכערען אַז ער
קוקט אַלץ אויף איהר. זי האָט הנאה געהאַט איהם אויפ־
צורייצען און דערפאַר האָט זי געקאָקעטירט מיט די דאָרפס־
בחורים לאַכענדיג דערביי מיט איהר ברייטער מויל. זי האָט
הויך גערעדט און געזאָגט אַלערליי נאַרישקייטען, זייענדיג
אין דעם פּרט עהנליך צו די מיידלאַך פון דער בעסערער גע־
זעלשאַפט, וואָס גלויבען, אַז בעת מ׳קוקט אויף זיי, דאַרפען
זיי לאַכען, ווייזען נאַרישע קונצען פאַר דער „גאַלערי“, אַנ־
שטאָט צו האַלטען זייערע נאַרישקייטען פאַר זיך אַליין. —
און זיי זיינען אפשר דערמיט ניט אַזוי נאַריש, וואָרום זיי
ווייסען גאַנץ גוט אַז די „גאַלערי“ קוקט נאָר אויף זיי און
הערט זיך ניט צו צו זיי. — מיט די עלענבויגענס אויפ׳ן
טיש און די באָרד אַנגעשפּאַרט אויף דער האַנט, האָט זיך
קריסטאָף צוגעקוקט צו דעם געשיקטען דרעהען זיך פון דער
מיידעל מיט איהרע ווילד־ברענענדיגע אויגען. ער איז גע־
ווען גענוג ערפאַהרען צו פאַרשטעהן איהרע ביטרע קונצען
— ניט גענוג אָבער ניט אריינצופאַלען אין זייער נעץ. און
אַט האָט ער געברומט פון כעס, אַט שטיל געלאַכט — און
געצווינגען מיט די אַקסלען שוין זיך פאַרטשעפּענדיג אַן דער
פּאַסטקע.

אַ חוץ דער מיידעל האָט אויך אַ צווייטער געקוקט אויף
איהם פון דער זייט: לאַרכען׳ס פּאַטער. אַ קליינער אָבער

פעסט־געבויטער מענשעל, א פליכע קאפ, — א גראבער קאפ מיט א קורצער נאז — אפגעברענט פון דער זון, באהאנגען ארום מיט גראב געקרייזעלטע האר וואס זיינען אמאל געווען בלאנד, ווי דירער׳ס הייליגער יאהאנעס — גלאט ראזירט, א גלייכגילטיג פנים, מיט א לולקע אויף דער זייט פונ׳ם מויל. האט ער לאנגזאם אנגעפיהרט א שמועס מיט אנדערע פויערים און צו דער זעלבער צייט פאר׳גנב׳עטערהייט געקוקט אויף קריסטאף׳ס מימיק; — און ער האט ווי אין זיך שטיל געלאכט. פלוצלונג האט ער כלומר׳שט א הוסט געטאן; א כיטרער, גנב׳שער בליק איז איהם דורכגעלאפען דורך די גרויע אויגלאך זיינע און ער איז געקומען זיך אוועקזעצען ביי קריסטאף׳ס טישעל. קריסטאף, אן אומצופרידענער האט זיך צו איהם אויסגעדרעהט מיט אן אנגעכמורעטען פנים: ער האט באגעגענט דעם כיטרען בליק פון אלטען, וועלכער האט, ניט ארויסנעהמענדיג די לולקע פונ׳ם מויל, אנגעהויבען מיט איהם גאנץ היימיש צו ריידען. קריסטאף האט איהם געקענט; ער האט געוואוסט אז ער איז אן אלטער, דורכגעטריבענער חברה־מאן; נאר צוליעב זיין שוואכקייט צו דער טאכטער האט ער דעם פאטער אויך ניט פיינט געהאט, און אפילו געהאט אמאל א מאדנעם פארגעניגען מיט איהם זיך דורכצוריידען: דער אלטער פוקס האט דאס פארשטאנען. נאכדעם ווי ער האט גערעדט וועגען דעם רעגען און דעם שעהנעם וועטער, געמאכט א כיטרע־וויציגע באמערקונג וועגען די שעהנע מיידלאך וואס זיינען דארט געווען און איבער דעם וואס קריסטאף טאנצט ניט, האט ער אויסגעלאזט אז קריסטאף האט טאקע רעכט וואס ער ווערט פון דעם ניט פארקאכט און אז ס׳איז בעסער צו זיצען ביים טיש מיט א קריגעל פאר זיך... און אהן צערעמאניעס האט

ער זיך אליין איינגעבעטען אויסצולעדיגען איינס... און טריג־קענדיג האָט דער אַלטער געשמועסט, פּאַמעליך ווי שטענדיג. ער האָט גערעדט פון זיינע עסקים, פון דער חיונה ווי שווער זי קומט אָן, פון די שלעכטע צייטען, פון דעם יקרות אויף אַלע זאַכען. קריסטאָף האָט זיך ווייניג־וואָס צוגעהערט, און בלויז געענטפערט פון צייט צו צייט מיט א ברום. דער שמועס האָט איהם ניט אינטערעסירט; ער האָט געקוקט אויף לאַרכען. א שטילע פּאַוזע איז אַלעמאַל אריינגעטראָטען אין זייער געשפּרעך; דער פויער האָט געוואַרט אויף א וואָרט; קיין ענטפער איז ניט געקומען: דער אַלטער האָט ווידער גענומען רוהיג ריידען. קריסטאָף האָט זיך גע'חידוש'ט פאַר וואָס דער אַלטער זוכט אַזוי מיט איהם צו פאַרבריינגען און פאַרטרויט איהם אַלע זיינע סודות. צולעצט האָט ער דאָס פאַרשטאַנען. נאָכדעם ווי דער אַלטער האָט אויסגערעדער־צעהלט אַלע זיינע צרות, איז ער איבערגעגאַנגען צו אַן אַנ־דער קאַפּיטעל. ער האָט אָנגעהויבען ריהמען זיינע פּראָ־רוקטען, זיינע גרינס, זיינע עופות, זיינע אייער, זיין מילך, און פּלוצלונג האָט ער קריסטאָף'ן א פרעג געטאָן: צו ער וואָלט איהם ניט געקאָנט קריגען די קונדשאַפט פון שלאָס? קריסטאָף איז אויפגעשפּרונגען:

— ווי, צום טייוועל, ווייסט ער?.. ער קען איהם, הייסט עס!..

— נו, אודאי, האָט דער אַלטער געזאָגט. מ'ווייסט אַלץ...

ער האָט ניט צוגעלעגט:

— ...ווען מ'גיט זיך די מיה אליין נאָכצופאָרשען.

קריסטאָף אָבער האָט עס פאַר איהם געזאָגט. מיט א בייזוויליגען פאַרגעניגען האָט ער איהם געזאָגט אַז כאָטש

„מ'ווייסט אַלץ". ווייסט מען אָבער אודאי ניט אַז ער איז צוקריגט מיט אַלע אין שלאָס, און אַז אויב ער האָט אמאָל געהאט וועלכען עס איז איינפלוס ביי די דיענסטען אָדער קעכערס פונ'ם גרויס־פירשט'ס פּאַלאַץ — (און ער האָט אין דעם שטאַרק געצווייפעלט) — איז שוין דער איינפלוס איצט טויט און באַגראָבען. דער אַלטער האָט שנעל פאַרצויגען מיט די ליפּען. ער האָט אָבער דעם מוט ניט פאַרלאָרען, און אין א ווײַלע ארום האָט ער קריסטאָף'ן געפרעגט: צו ער קאָן איהם ניט רעקאָמענדירען צו דער אָדער יענער פאַמי־ליע? און ער האָט איהם טאַקע אָנגערופען אַלע פאַמיליען מיט וועלכע ער האָט עפּעס א פאַרקעהר געהאַט. דער אַלטער האָט געהענדיג אויפ'ן מאַרק אַלץ אַקוראַט דערגאַנגען, און ער האָט קיין איינצעלהייט וואָס האָט איהם געקאָנט דיענען, ניט פאַרגעסען. קריסטאָף וואָלט פון דער שפּיאָנעריי אין כעס געוואָרען, עס האָט זיך איהם אָבער בעסער געוואָלט לאַכען טראַכטענדיג ווי דער אַלטער קאָן נאָך פיעל פאַרלי־רען פון די אַלטע כיטרע קונצען: (וואָרום ער האָט ניט גע־וואוסט דעם ווערט פון די רעקאָמענדאַציעס וואָס ער האָט פון איהם פאַרלאַנגט — רעקאָמענדאַציעס דורך וועלכע ער האָט גיכער געקאָנט פאַרלירען זיין קונדשאַפט איידער צו־קריגען נייע). און ער האָט איהם דערפאַר געלאָזט אויס־דערצעהלען אַלע זיינע גראָבע, גנב'ישע, כיטרע איינפאַלען און איהם ניט געענטפערט ניט „יאָ", ניט „ניין". דער פויער איז אבער צוגעשטאַנען; און ענדליך, זיך נעהמענדיג צו קריסטאָף'ן און צו זיין מאַמען, ווען ער האָט געהאַל־טען אויף צו לעצט, האָט ער איהם דוקא געוואָלט צוריידען, ער זאָל ביי איהם קויפען מילך, פוטער און סמעטענע. און וויסענדיג אַז קריסטאָף איז א מוזיקער, האָט ער צוגעלעגט

— „אַז קיין זאַך אויף דער וועלט איז ניט בעסער פאַר'ן קול ווי איינצושלינגען אַ רוי, פריש איי, אין דער פריה און אין אָבענט. ער האָט איהם דערצו שטאַרק פאַרזיכערט אַז ער וועט איהם פאַרשאַפען אַזעלכע, וואָס זיינען נאָך וואַרים און נאַר־וואָס אַרויס פון דער הוהן". דער געדאַנק אַז דער אַלטער פויער האַלט איהם פאַר אַ זינגער האָט קריסטאָף'ן געטריבען אויסצושיסען מיט אַ האַרציגען געלעכטער. דער פויער האָט דעם מאָמענט אויסגענוצט און געהייסען ברייג־גען נאָך אַ פלעשעל. און דערנאָך, זעהענדיג אַז ער האָט שוין פון קריסטאָף'ן אַרויסגעצויגען אַלץ וואָס ער האָט דער־וויַיל געקאָנט אַרויסציהען, איז ער זיך אָוועקגעגאַנגען אָהן שום ווייטערע צערעמאָניעס.

די נאַכט איז דערווייל צונעפאַלען. דאָס טאַנצען האָט זיך וואָס אַמאָל מעהר צוברענט. לאָרכען האָט זיך שוין מעהר ניט אומגעקוקט אויף קריסטאָף'ן; זי איז שטאַרק פאַרנומען געווען פאַרדרעהענדיג דעם קאָפּ פון אַ דאָרף־בחור, דעם זוהן פון אַ רייכען פערמער איבער וועלכען אַלע מיידלאַך האָבען זיך געשלאָגען. קריסטאָף האָט זיך אינטע־רעסירט מיט דעם קאַמף: די אַלע פריילינס האָבען איינע צו דער אַנדערער געשמייכעלט כאָטש זיי וואָלטען זיך באמת מיט פאַרגעניגען צודראַפּעט די פּנים'ער. קריסטאָף האָט גוטמוּ־טיג אַן זיך פאַרגעסען, און אין האַרצען געבעטען אַז לאָרכען זאָל אַרויס די זיגערין. ווען ער האָט געזעהן אַז דער נצחון איז טאַקע אויף איהר זייט, איז ער געוואָרען אומעטיג. אָבער ער האָט זיך דאָס פאַרגעוואָרפען. ער איז ניט פאַר־ליעבט געווען אין לאָרכען, און האָט פון איהר אויך ניט גע־וואָלט געליעבט ווערען: ס'איז גאַנץ נאַטירליך געווען אַז זי זאָל ליעבען וועמען זי וויל — אוודאי. ס'איז אָבער ניט

פרייליך געווען אַליין צו געווינען אַזוי ווייניג סימפּאַטיע, בעת מ׳דאַרף אַזוי פיעל סימפּאַטיע געבען און נעהמען. דאָ, פּונקט ווי אין שטאָט, איז ער געווען אייגער אַליין. די אַלע לייט האָבען זיך מיט איהם אינטערעסירט נאָר אום זיך צו באַנוצען מיט איהם און דערנאָך פון איהם אויסצולאַכען. ער האָט געזיפצט, געשמייכעלט קוקענדיג אויף לאָרכען, וואָס איז פון דעם פּאַרדרוס פון איהרע געגנעריננס צעהן־פאַך שעהנער געווען ווי פריהער, און זיך געגרייט אוועקצוגעהן. ס׳איז שוין געווען באַלד זייגער ניין: ער האָט געהאַט גוטע צוויי שעה צו געהן ביז אין שטאָט אריין.

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון׳ם טיש. צו דער זעל־בער צייט האָט זיך די טיר געעפענט און א טוץ סאָלדאַטען האָבען זיך ארייננעריסען. זייער אריינקומען האָט אָפּגע־קיהלט די שמחה אין שענק. דער עולם האָט זיך גענומען שושקען. עטליכע פּאַרלאַך וואָס האָבען געטאַנצט האָבען זיך אָפּגעשטעלט און אומרוהיג א קוק געטאָן אויף די אָקאַרשט אָנגעקומענע. די פּויערים וואָס זיינען געשטאַנען נעבען דער טיר האָבען זיך צו זיי אויסגעדרעהט מיט׳ן רו־קען און גענומען ריידען צווישען זיך, אָבער ווי אומגערן, האָבען זיי זיך אַזוי אויסגעשטעלט אַז די סאָלדאַטען זאָלען קאָנען דורכגעהן. — זייט א שטיק צייט האָט די גאַנצע גע־גענד אָנגעפיהרט א מין טיעף־באַהאַלטענעם קאַמף מיט דעם גאַרניזאָן פון די פעסטונגען וואָס האָבען ארומגערינגעלט די שטאָט. די סאָלדאַטען איז דאָרט שטאַרק אומעטיג געווען און זיי האָבען דעריבער זיך נוקם געווען אָן די פּויערים. זיי האָבען פון זיי גראָב אָפּגעלאַכט, זיי באַליידיגט און זיך באַנומען מיט די מיידלאַך פון דער געגענד ווי אין אַן ערא־בערט לאַנד. מיט א וואָך צוריק האָבען עטליכע שכור׳ע

סאָלדאַטען געשטערט אַ שמחה אין אַ דערבייאיגען שטעטעל און ממש צו'הרג'עט אַ פּויער. קריסטאָף האָט געוואוסט פון די אַלע זאַכען און געהאַט די זעלבע שטעלונג צו זיי ווי די פּויערים. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין אָרט און גע־וואַרט וואָס עס וועט געשעהן.

די סאָלדאַטען, זיך ניט קימערינדיג אַז דער שלעכטער אויפנאַהם, זיינען רוישיג צוגעגאַנגען צו די באַלאַדענע טיש־לאַך, און אַפּשטופּענדיג די מענשען פון אַרום, זיך אַנידער־געזעצט. דאָס האָט אין גאַנצען געדויערט אַ מינוט. דאָס רוב פּויערים האָבען זיך אַפּגערוקט, בייז מורמלענדיג. איי־נער אַן אַלטער, וואָס איז געזעסען אויף אַן עק באַנק האָט זיך ניט שנעל גענוג אויפגעהויבען, האָבען זיי אונטערגע־הויבען די באַנק און דער אַלטער האָט זיך איבערגעקעהרט בעת זיי האָבען הילכיג געלאַכט. קריסטאָף האָט געפיהלט ווי דאָס בלוט שטייגט איהם אין קאָפּ אריין. ער איז אויפ־געשטאַנען צאָרנדיג, אָבער בעת ער האָט זיך שוין געוואָלט אריינמישען האָט ער געזעהן ווי דער אַלטער הויבט זיך שווער אויף, און, אַנשטאָט זיך צו באַקלאָגען, בעט ער זיי עניות'דיג זיי זאָלען איהם מוחל זיין. צוויי סאָלדאַטען זיי־נען צוגעקומען צו קריסטאָף'ס טיש, ער האָט געקוקט ווי זיי קומען און געדריקט די פויסטען. זיין פּאַרטיידיגונג איז אָבער ניט געווען נויטיג. דאָס זיינען געווען צוויי הויכע, פעסט־געבויטע, גוטמוטיגע חברה־לייט וואָס זיינען בלויז נאָכגעגאַנגען איינעם אָדער צוויי געוואַגטע רעדעל־פיהרער און געזוכט זיי נאָכצומאַכען. קריסטאָף'ס שטאָלצע מינע האָט זיי אַנגעשראָקען; און ווען ער האָט זיי געזאָגט מיט אַ טרוקענעם טאָן אַז דער פּלאַץ איז פאַרנומען האָבען זיי זיך שנעל אנטשולדיגט און צוריקגעטראָטען צום עק פון דער

באַנק כדי איהם ניט צו שטערען. זיין שטים האָט געהאַט אַ באַפעהלענדען אָפּקלאַנג און די שקלאַווישע נאַטור האָט אי־בער זיי גלייך גענומען די אויבער־האַנט. זיי האָבען באַלד דערזעהן אַז קריסטאָף איז ניט קיין פויער.

קריסטאָף, אַ בארוהיגטער אביסעל פון דער אונטער־טעניגער האַלטונג, האָט דאַן געקאָנט באַטראַכטען די גאַנצע סצענע מיט מעהר קאַלט־בלוטיגקייט. ס'איז איהם ניט שווער געווען צו זעהן אַז די גאַנצע באַנדע ווערט אָנגעפיהרט פון אַן אונטער־אָפיציר — אַ קליין מענשעל מיט אַ בולדאָג־פּנים און האַרט־שטאַלענע אויגען — וואָס האָט געהאַט אַ לומפּיגען, היפּאָקריטישען און פאַרדאַרבענעם אויסזעהן. ער איז דאָס געווען דער העלד פון דעם געשלעג דעם פריהע־ריגען זונטאָג. זיצענדיג ביי טישעל נעבען קריסטאָף'ן אין שכור, האָט ער געקוקט אויף'ן עולם און זיי צוגעוואָרפען באַ־ליידיגענדע, סאַרקאַסטישע ווערטלאַך, וואָס זיי האָבען כלומרשט ניט געהערט. ער האָט זיך דער עיקר געטשעפּעט צו די טאַנצענדע פּאָרלאַך, אָנדייטענדיג אויף זייערע פיזישע מעלות אָדער חסרונות מיט אַזאַ מין שמוציגע שפּראַך, אַז דאָס האָט ארויסגערופען ביי זיינע חברים אַ הילכיגען געלעכטער. די מיידלאַך זיינען רויט געוואָרען און טרערען זיינען זיי געשטאַנען אין די אויגען; די בחורים האָבען אין זיך געברענט פאַר כעס און געקריצט מיט די ציין. דעם אונטער־אָפיציר'ס הענקערישער בליק האָט זיך געדרעהט איבער'ן גאַנצען שענק און קיינעם ניט געשאַנעוועט. קריס־טאָף האָט געזעהן ווי ער הויבט זיך אָן דרעהן צו איהם. ער האָט אָנגעכאַפּט דאָס טרינק־קריגעל, און, מיט'ן פויסט אויף'ן טיש, האָט ער געוואַרט. ער איז געווען אַנטשלאָסען

דאָס איהם צו וואַרפען אין קאָפּ אריין ביים ערשטען סמן פון א באַליידיגונג. ער האָט זיך געטראַכט:

— איך בין משוגע. ווען איך געה אוועק, טו איך בע־סער. מ'וועט מיך גוט צו'הרג'ענען, און נאָכדעם, אויב איך קום ארויס א לעבעדיגער, וועט מען מיך ערשט אריינוואַרפען אין געפענגעניס. ס'איז א נאַרישער שפּיעל. לאָמיך בעסער אוועקגעהן איידער ער רייצט מיך אויף.

זיין שטאָלץ האָט איהם אָבער ניט געלאָזט: ער האָט ניט געוואָלט ס'זאָל אויסזעהן אז ער אַנטלויפט פון דער חברה.—דעם אונטער־אָפיציר'ס ביטרער און ברוטאַלער בליק האָט זיך אויף איהם אָפּגעשטעלט. קריסטאָף אַדערצאָרנטער, האָט אויף איהם אָנגעשטעלט די אויגען. זיין געגנער האָט איהם אויף א מינוט באַטראַכט: קריסטאָף'ס אויסזעהן האָט איהם אַמוזירט און אויפגערעגט; ער האָט א שטופּ געטאָן זיין שכן מיט'ן עלענבויגען און איהם אָנגעוויזען אויפ'ן יונ־גען־מאַן לאַכענדיג שטעכיג; און ער האָט שוין געעפענט די מויל איהם צו באַליידיגען. קריסטאָף מיט אַן אָנגעשטרענג־טער מינע האָט איהם געהאַלטען ביים וואַרפען דאָס טרינק־קריגעל... דער צופאַל האָט איהם דעם מאָל אויך געראַטע־וועט. פונקט בעת דער שכור האָט געוואָלט אָנהויבען ריידען האָט זיך אַן אומגעשיקט פאַרעל פון צווישען די טענצער אָנגעשלאָגען אָן איהם און דאָס קריגעל איז איהם ארויס־געפאַלען פון די הענט. ער האָט זיך ווילד מיט כעס אויס־געדרעהט צום פּאַרעל און אויף זיי אויסגעגאָסען א ים מיט זלזולים. ער האָט זיך אָן דעם פריהערדיגען פאַרגעסען און מעהר ניט געקלערט פון קריסטאָף'ן. קריסטאָף האָט גע־וואַרט עטליכע מינוטען; דערנאָך, זעהענדיג אז זיין שונא הא... דעם פריהעריגען שפּיעל אָפּגעשטעלט, האָט ער זיך

אויפגעהויבען, פאמעליך גענומען דעם קאפעלוש און, זיך ניט איילענדיג, געלאזט געהן צו דער טיר. ער האט די אויגען ניט אראפגענומען פון דער באנק וואו דער אנדערער איז געזעסען און איהם גוט געלאזט פיהלען אז ער טרעט פאר איהם ניט אפ. דער אונטער־אפיציר האט אבער הפנים אן איהם אין גאנצען פארגעסען: קיינער האט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט.

ער האט אנגענומען די קליאמקע פון דער טיר; און נאך א פאר רגעות וואלט ער שוין געווען אין דרויסען. ס'איז איהם אבער הפנים ניט באשערט געווען אזוי ארויסצוגעהן. א גערודער האט זיך פלוצלונג דערהערט פון דעם אנדערען עק שענק. די סאלדאטען האבען נאכ'ן טרינקען באשלאסען צו טאנצען; און אזוי ווי די מיידלאך האבען אלע געהאט זייערע קאוואלערען האבען זיי צוטריבען אלע בחורים וואס האבען זיך נאר געלאזט. לארכען האט דאס אבער ניט געוואלט דערלאזען. ניט אומזיסט האט זי געהאט די שארפע אויגען און דעם אנטשלאסענעם פנים, וואס איז אזוי געפעלען געווארען קריסטאף'ן. זי האט געהאלטען אין טאנצען ווי א צואווילדעטע, בעת דער אונטער־אפיציר וואס האט אויף איהר געווארפען זיין אויג און זי אויסגעקליבען צווישען אלע אנדערע, איז צוגעקומען אוועקצורייסען איהר קאוואלער. זי האט גענומען טופען מיט די פיס, שרייען און אפשטופענדיג דעם סאלדאט, האט זי אויסגערופען אז זי וועט קיינמאל ניט טאנצען מיט אזא גראבען־יונג ווי ער. דער אונטער־אפיציר איז איהר נאכגעלאפען. ער האט זיך געבארעט און אוועקגעשטופט די, הינטער וועמעס פלייצעס זי האט געזוכט זיך צו באהאלטען. צו לעצט איז זי אנטלאפען און זיך געשטעלט הינטער א טישעל. און דארט, געזיכערט אויף א

ווײַלע, האָט זי אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און איהם ווייטער געזידעלט. זי האָט געזעהן אז איהר גאַנצער ווידערשטאַנד וועט איהר גאָרניט העלפען, און זי האָט געטופּעט מיט די פיס, געציטערט פאַר כעס, אויסגעזוכט די גראָבסטע ווערטער איהם צו וואַרפען אין פּנים אַריין און פאַרגליכען דעם קאָפּ זיינעם מיט די קעפּ פון די פאַרשיידענע חיות אויף דער פערמע. ער איז געשטאַנען אַנגעבויגען צו איהר אויף יענער זייט טישעל מיט א לומפּיגען שמייכעל אויף די ליפּען, און די אויגען האבען בײַ איהם געגלאַנצט פאַר כעס. פּלוצלונג האָט ער זיך א לאָז געטאָן און איז אריבערגעשפּרונגען דעם טיש. ער האָט זי אָנגעכאַפּט. זי האָט זיך געוואָרפען, גע־בריקעט מיט די פיס, געקלאַפּט מיט די פויסטען ווי א קיה־היטערען. ער האָט זיך ניט געקאָנט האַלטען זעהר פעסט אויף די פיס און האָט שיעור ניט פאַרלאָרען דאָס גלייך געוויכט. צוואווילדעט פון צאָרן האָט ער זי צוגעשטופּט צו דער וואַנט און איהר געגעבען א פּאַטש. ער האָט שוין ניט באוויזען ווייטער צו געהן: אימעצער איז איהם אַרויפגע־שפּרונגען אויף דער פּלייצע, איהם געשלאָגען מיטביידע הענט, און מיט'ן פוס אזא בריק געטאָן אז ער האָט זיך אָנ־געשלאָגען אזש צווישען די טרינקער. קריסטאָף איז געווען דער וואָס האָט זיך אויף איהם אַרויפגעוואָרפען, אומוואָר־פענדיג טישען און מענשען און ניט איבערקלערענדיג וואָס ער טוט. דער אונטער־אָפיציר האָט זיך אומגעדרעהט, ווי משוגע פון כעס, און אַרויסגעצויגען זיין שווערד. אָבער איידער ער האָט צייט געהאַט זיך צו באַנוצען דערמיט, האָט איהם קריסטאָף דערשלאָגען מיט א שטול. די גאַנצע זאַך איז אַזוי פּלוצלונג געשעהן אז די צושויער איז גאָר ניט איינ־געפאַלען זיך אַריינצומישען. ווען מ'האָט אָבער דערזעהן אז

דער אפיציר פאלט אנידער, ווי אַ אַקס, האט זיך א שרעק־
ליכער געטומעל אויפגעהויבען. די אנדערע סאלדאטען האַ־
בען זיך געלאזט אויף קריסטאפ'ן מיט די בלויזע שווערדען.
די פויערים האבען זיך אויף זיי געווארפען. ס'איז געווא־
רען א געשלעג אויף אלע זייטען. די קריגלאך זיינען גע־
פלויגען איבער'ן שענק, די טישלאך זיינען געלעגען איבער־
געקעהרט. די פויערים האבען דערוואכט: זיי האבען זיך
אפגערעכענט צוליעב אלטע קריוודעס. זיי האבען זיך געוואל־
גערט אויף דער ערד און מיט א ווילדען כעס געביסען. לאר־
כען'ס קאוואלער, א געזונטער פעלד־ארבייטער האט אנגע־
כאפט ביים קאפ דעם סאלדאט וואס האט איהם פריהער
באליידיגט, און איהם גרויזאם געשלאגען אַז דער וואנט.
לארכען מיט א דובינע אין דער האנט, האט געקלאפט אהן
רחמנות. די אנדערע מיידלאך זיינען אנטלאפען קוויטשענ־
דיג אויפ'ן קול, א חוץ עטליכע כוואטסקע בתולות וואס האַ־
בען, פריילאך, די מענער צוגעהאלפען. איינע פון זיי — א
גראבע בלאנדינקע — זעהענדיג ווי א ריזיגער סאלדאט —
דער זעלבער וואס האט זיך אוועקגעזעצט ביי קריסטאפ'ס
טישעל — צוזעצט מיט דער קניה די ברוסט פון זיין אפגע־
שוואכטען געגנער, איז צוגעלאפען צום אויוען, צוריקגעקו־
מען, און אריבערשלעפענדיג דעם אכזר'ס קאפ, האט זי איהם
אריינגעשאטען אין די אויגען א זשמענע מיט ברענענדיגע
אש. דער סאלדאט האט גענומען מורא'דיג ברומען. די
מיידעל האט געיובעלט און געזידעלט דעם ענטוואפטען
שונא, ווען די פויערים האבען איצט אומגעשטערט צו־
הרג'עט. ענדליך האבען זיך די סאלדאטען, זייענדיג צו
שוואך, ארויסגערוקט אין דרויסען, לאזענדיג צוויי פון זיי־
עריגע ליעגען אויף דער פאדלאגע. דער קאמף האט זיך

פאַרצויגען אין דרויסען. די סאָלדאַטען האָבען זיך אַריינ־געריסען אין די הייזער, אַרויסלאָזענדיג שרעקליכע קולות און וועלענדיג אַלצדינג חרוב מאַכען. די פּויערים זיינען זיי נאָכגעגאַנגען מיט די גראַבלעס און אויף זיי אָנגעריצט זייערע ווילדע הינט. אַ דריטער סאָלדאַט איז געפאַלען מיט'ן בויך צושפּאַלטען פון אַ גראַבלע. די אַנדערע זיינען אַנט־לאָפען, און די דאָרפס־לייט האָבען זיי נאָכגעיאָגט ביז אַרויס פון'ם דאָרף; די סאָלדאַטען אָבער האָבען פון דער ווייטענס, לויפענדיג איבער די פעלדער, געשריען, אַז זיי וועלען אויפ־זוכען זייערע חברים און באַלד צוריקקומען.

די פּויערים, זיעגרייך אויף'ן שלאַכט־פעלד, האָבען זיך אומגעקעהרט צו דער קרעטשמע. זיי זיינען געווען מלא שמחה: זיי האָבען זיך נוקם געווען פאַר די אַלע באַליידי־גונגען וואָס זיי האָבען אַ צייט־לאַנג געהאַט אויסצושטעהן. זיי האָבען נאָך ניט געקלעהרט וועגען די רעזולטאַטען פון דעם געשלעג. זיי האָבען אַלע אינאיינעם גערעדט און יעדער האָט גערימט זיין העלדישקייט. זיי זיינען געוואָרען גוטע ברידער מיט קריסטאָף'ן, וועמען ס'האָט געפרייט צו פיה־לען אַז ער דערנעהענטערט זיך צו זיי. לאָרכען איז איהם געקומען געבען די האַנט, געהאַלטען אַ ווייַלע זיין האַנט אין איהר האַרט הענטעל און איהם געלאַכט אין פּנים אַריין. ער האָט איהר שוין איצט ניט אויסגעזעהן לעכערליך.

מ'האָט אויפגעפּאַסט אויף די פאַרוואונדעטע. צווישען די דאָרפס־לייט זיינען בלויז געווען אַ פּאָר אויסגעקלאַפּטע ציין, אַ פּאָר צובראָכענע ריפּען, און אַ פּאָר ניט ערנסטע בייַלען און וואונדען. ביי די סאָלדאַטען איז די לאַגע געווען אַנדערש. דריי פון זיי זיינען געווען ערנסט פאַרוואונדעט: — דער ריזען מיט די אַש־פאַרברענטע אויגען וועמען מ'האָט

אויף העלפט געשפאלטען דעם אקסעל מיט א העקעל; דער סאלדאט וועמען מ'האט צושניטען דעם בויך און וועלכער האט גע'גוסס'ט; און דער אונטער־אפיציר וועמען קריסטאף האט דערשלאגען. מ'האט זיי אלע דריי אויסגעצויגען אויף דער ערד נעבען אויוועז. דער אונטער־אפיציר, ווענינער פארוואונדעט פון די אנדערע, האט נאר־וואס געעפענט די אויגען. מיט א בליק פול מיט שנאה האט ער לאנג אנגע־קוקט דעם רעדעל פון די פויערים וואס זיינען געשטאנען אנגעבויגען ארום איהם. ווי ער איז נאר געקומען צו זיך און זיך דערמאנט אן דאס געשעהנע האט ער זיי שוין וויע־דער אנגעהויבען צו זידלען. ער האט זיך געשווארען אז ער וועט זיך נוקם זיין, אז ער וועט זיך מיט זיי אלע גוט אפרעכענען. דער כעס האט איהם געשטיקט; מ'האט גע־זעהן אז ווען ער קאן וואלט ער זיי אלע דער'הרג'ט. זיי האבען געפרואווט לאכען; זייער געלעכטער איז אבער גע־ווען א געצוואונגענער. א יונגער פויער האט אויסגעשריען צום פארוואונדעטען:

— פארמאך דאס פיסק, אדער איך דער'הרג'ע דיך!

דער אונטער־אפיציר האט זיך געפרואווט אויפשטעלען און אנגעשטעלט אויף דעם וואס האט אקארשט גערעדט זיי־נע מיט בלוט־פארלאפענע אויגען:

— חזרים, האט ער אויסגערופען, הרג'ט מיך! מ'וועט אייך אפשניידען די קעפ.

ער האט ווייטער געשריען. דער סאלדאט מיט'ן אויפ־געשניטענעם בויך האט געקוויטשעט ווי א געקוילעטער חזר. דער דריטער איז געלעגען פארגליווערט און אומבאוועגליך ווי א טויטער. א מורא'דיגע שרעק איז אנגעפאלען אויף די פויערים. לארבען און עטליכע פרויען האבען די פארוואונ־

דעטע אריבערגעטראָגען אין אַן אנדער צימער. די געשרייען פון דעם אונטער־אָפיציר און פון דעם שטאַרבענדען זיינען שטילער געוואָרען. די פויערים האָבען געשוויגען; זיי האָבען זיך ניט געריהרט פון אָרט, געשטאַנען אין א רעדעל, פונקט ווי די דריי קערפּער וואָלטען פאַר זיי נאָך אַלץ געלעגען. זיי האָבען ווי מורא געהאַט זיך א ריהר צו טאָן, און זיך אָנגעקוקט, פאַרציטערטע. ענדליך האָט זיך לאָרכען'ס פאָטער אָפּגערופען:

— איהר האָט אָפּגעטאָן א שעהן שטיקעל ארבייט!

אַן אָנגסטליכער מורמעל האָט זיך דערהערט. ס'איז זיי טרוקען געוואָרען אין האַלז. נאָכדעם האָבען זיי אַלע אָנגעהויבען צו ריידען אינאיינעם. צו ערשט האָבען זיי געשעפּטשעט ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט אז אימעצער זאָל זיך ניט אונטערהערען ביי דער טיר. באַלד אבער זיינען זייערע קולות געוואָרען שאַרפער: זיי האָבען גענומען איינער דעם אַנדערען באַשולדיגען; זיי האָבען איינער דעם צווייטען אויפגעוואָרפען די קלעפּ וואָס זיי האָבען געגעבען. דער שטרייט איז וואָס אמאָל ביטערער געוואָרען: ס'האָט אויסגעזעהן, אז א געשלעג וועט באַלד אויסברעכען. לאָרכען'ס פאָטער האָט זיי אָבער אַלעמען איינגעשטילט, אויסגעגלייכט. ער האָט זיך אויסגעדרעהט צו קריסטאָף'ן און אויף איהם אָנגעוויזען מיט דער באָרד:

— און ער — האָט עס אויסגערופען — וואָס איז ער אַהער געקומען?

דער כעס פונ'ם המון האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעריסען אויף קריסטאָף'ן.

— אמת! אמת! האָט מען געשריען, — ער האָט אָנגעהויבען! ווען ניט ער, וואָלט קיין זאַך ניט געשעהן!

קריסטאף, ווי פון א דונער געטראפען, האט געפרואווט ענטפערען.

— וואס איך האב געטאן איז ניט געוועזן פון מיינט־וועגען, נאר פון אייערטוועגען — איהר ווייסט עס גאנץ גוט.

אבער זיי האבען, ברענענדיג פון כעס, איהם געענט־פערט:

— קאנען מיר זיך דען אליין ניט פארטיידיגען? מיר דארפען דען א פרץ פון שטאט זאל אונז קומען לערנען וואס מיר האבען צו טאן? ווער האט אייך געבעטען אייער עצה? ווער האט אייך גאר אין גאנצען געבעטען צו קו־מען? איהר האט ניט געקאנט בלייבען אין דער היים?

קריסטאף האט געצויגען די אקסלען און זיך געלאזט געהן צו דער טיר. לארכען'ס פאטער האט איהם אבער פאר־שטעלט דעם וועג און געשריען:

— אזוי! אזוי! איצט אז ער האט אונז אריינגע־בראכט אין אזא צרה, וויל ער מאכען פיס. ער טאר ניט ארויס!

און די פויערים האבען געברומט:

— ער טאר ניט ארויס! ער איז שולדיג אין דעם אלע־מען. ער דארף דערפאר באצאהלען!

זיי האבען איהם ארומגערינגעלט און אויסגעשטעלט די פויסטען אנטקעגען איהם. קריסטאף האט געזעהן ווי דער רעדעל פון די פויערים מיט זייערע דראהענדע פנים'ער רוקט זיך אלץ נעהענטער: די מורא האט זיי צואווילדעט. ער האט קיין ווארט ניט געזאגט; ער האט פארקרימט דעם פנים מיט עקעל, און אנידערווארפענדיג דעם קאפעלוש אויף א טישעל איז ער געגאנגען זיך אוועקזעצען אין אנדערען עק פון שענק און זיך אויסגעדרעהט צו זיי מיט'ן רוקען.

לאַרכען איז אָבער דערפון שטאַרק אויפגעבראַכט גע־וואָרען און זיך אַריינגעריסען צווישען די פויערים. איהר שעהן פּנים איז פאַרקרימט און פאַרפלאַמט געווען פון צאָרן. זי האָט אָפּגעשטופּט די וואָס האָבען קריסטאָף'ן אַרומגערינ־גלט:

— טרוסען! חיות וואָס איהר זייט! — האָט זי אויס־געשריען. איהר שעהמט זיך ניט? איהר ווילט זיך איינ־ריידען אַז ער האָט אַלץ אָפּגעטאָן! מ'האָט אייך ניט גע־זעהן? האָט ניט איטליכער פון אייך געקלאַפּט ווי ווייט ער האָט געקאָנט?.. ווען עס זאָל זיין איינער פון אייך וואָס זאָל געווען שטעהן מיט פאַרלעגטע הענט בעת די אַנדערע האָבען זיך געשלאָגען, וואָלט איך איהם אָנגעשפּיגען אין פּנים און איהם אָנגערופען: טרוס! פייגלינג!..

די פויערים, איבעראַשט פון דעם אומערוואַרטעטען אויסברוך, זיינען אַ ווייל געבליבען שטעהן שטיל; נאָכדעם האָבען זיי ווידער גענומען שרייען: — ער האָט אָנגעהויבען! ווען ניט ער וואָלט גאָר ניט געשעהן!

לאַרכען'ס פאָטער האָט איהר אומזיסט צוגעוואונקען זי זאָל שווייגען. זי האָט ווייטער אויסגערופען: — אודאי האָט ער אָנגעהויבען! איהר האָט זיך ניט מיט וואָס צו ריהמען. ווען ניט ער וואָלט איהר זיך געלאָזט באַליידיגען; איהר וואָלט זיך געלאָזט באַשפּייען — שוואַכלינגען! פייג־לינגען!

און צו איהר קאַוואַלער האָט זי אויסגערופען: — און דו, דו האָסט געשוויגען. דאָס האַרץ איז דיר שיעור ניט אַרויסגעפאַלען; דו האָסט געלאָזט זיי זאָלען דיך בריקען מיט שטיוועל פון הינטען. דו האָסט זיי ממש אָפּגעדאַנקט! האָסטו קיין בושה ניט?.. איהר האָט אַלע קיין בושה ניט!..

איהר זייט ניט קיין מאַנסבילען! איהר האָט דעם קוראַזש פון לעמאַלאַך, און איהר רוקט שטענדיג די נאָז אויף דער ערד! ע ר האָט אייך געמוזט ווייזען א ביישפּיל! — און איצט ווילט איהר איהם מאַכען פאר דער כפּרה?.. נאָר דאָס וועט ניט געשעהן... איך זאָג דאָס אייך! ער האָט זיך גע־שלאָגען פאר אונזערטוועגען. אָדער איהר וועט איהם ראַ־טעווען, אָדער איהר וועט האָבען דעם זעלבען גורל. איך גיב אייך מיין וואָרט דארויף!

לאַרכען׳ס פאָטער האָט זי געשלעפּט ביים אָרעם. ער איז געווען אויסער זיך און געשריען:

— שווייג שטיל! שווייג שטיל! וועסט שווייגען, דו צוויג איינע!

זי האָט איהם אָבער אָפּגעשטופּט, און ווייטער גערעדט, נאָך אויף א בעסערען שטייגער. די פּויערים האָבען גע־שריען. זי האָט געשריען נאָך העכער פון זיי און מיט א קווישטעדיג קול וואָס האָט געלעכערט דאָס אויער.

— דו, וואָס האָסטו צו זאָגען? דו מיינסט איך האָב ניט געזעהן ווי דו האָסט צו׳הרג׳עט, בריקענדיג, דעם וואָס ליגט אין צווייטען צימער ווי א טויטער? און דו, וויי נאָר דיינע הענט!.. ס׳איז נאָך דאָ בלוט אויף זיי. דו מיינסט איך האָב דיך ניט געזעהן מיט דיין מעסער? כ׳וועל אַלץ אויסזאָגען, אויב איהר וועט טאָן די מינדסטע זאַך קעגען א י ה ם. כ׳וועל זעהן מ׳זאָל אייך אַלע פאַר׳משפּט׳ן.

די שרעקליך־אויפגערעגטע פּויערים האָבען זייערע צוא־ווילדעטע פּנים׳ער צוגערוקט צו לאַרכען׳ס פּנים און גע־שריען אויף איהר. איינער פון זיי האָט אָנגעשטעלט די האַנט זי צו פּאַטשען, אָבער לאַרכען׳ס געליעבטער האָט איהם אָנגעכאַפּט ביים קאָלנער; זיי האָבען זיך גענומען באָרען

און זיינעז געדייט געוועז זיך צו געבעז קלעפּ. אַז אַלטער פויער האָט צו לאַרכעז געזאָגט:

— אויב מ'וועט אונז פאַר'משפט'ן, וועט מען דיך אויך.

— זאָל זיין מיך אויך! — האָט זי אויסגערופעז. איך בין ניט אַזאַ טרוס ווי איהר.

און זי האָט ווידער גענומען דבר'ן.

זיי האָבעז ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זיי האָבעז זיך אָפּגערופען צום פאָטער.

— ווענסט איהר ניט פאַרמאַכעז די מויל?

דער אַלטער האָט פאַרשטאַנעז אַז ער דאַרף מיט לאַר־כעז ניט געהן צו ווייט. ער האָט זיי געמאַכט א סמן זיי זאָלעז זיך באַרוהיגעז. ס'איז שטיל געוואָרעז. נאָר לאַרכעז האָט ווייטער גערעדט; דאַן, זעהענדיג אַז מ'ענטפערט איהר ניט, האָט זי זיך, ווי אַ פייער אָהן האָלץ, אָפּגעשטעלט. איז אַ ווייל׳ע אַרום האָט איהר פאָטער אַ הוסט געטאָן און גע־זאָגט:

— נו, וואָס־זשע ווילסטו? דו ווילסט דאָך אונז ניט אומברענגעז?

זי האָט געענטפערט:

— איך וויל מ'זאָל איהם ראַטעווען.

זיי האָבעז זיך פאַרטראַכט. קריסטאָף האָט זיך ניט גערירט פון אָרט; שטייף און שטאָלץ איז ער געזעסעז, און ווי ניט געהערט וואָס מ'רעדט וועגען איהם. ער איז אָבער געוועז גערירט פון לאַרכען'ס אַריינמישעז זיך. ווי ס'האָט אויסגעזעהען האָט לאַרכעז גאָר פאַרגעסען אַז ער איז דאָרט. זי איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אַן דעם טיש וואו ער איז געזעסען און אָנגעשטעלט די אויגען מיט אַ קריגערי־

שער מינע אויף די פויערים, וועלכע האבען גערויכערט אדער געקוקט אויף דער ערד. ענדליך האט איהר פאטער, — נאכ־דעם ווי ער האט אויפגעהערט צו בייסען די לולקע — גע־זאגט:

— צו מיר וועלען זאגען עפּעס קענען איהם אדער ניט — אויב ער בלייבט דא איז ער א פארפאלענער. דער וואכמייסטער האט איהם דערקאנט און ער וועט איהם ניט שאנעווען. ס'איז דא נאר איין מיטעל פאר איהם: — אנט־לויפען שוין, און אריבער די גרענעץ.

ער האט זיך בארעכענט אז נאך אלעמען וועט עס זיין בעסער פאר זיי אז קריסטאף זאל מאכען פליטה, ווארום דערמיט איז ער זיך דאך מודה אין זיין שולד; און אויב ער וועט דארט ניט זיין, וועט עס גרינג זיין אויף איהם ארויפצוווארפען די גאנצע שולד. די אנדערע האבען צו־געשטימט. — זיי האבען אויסגעצייכענט פארשטאנען איי־נער דעם צווייטען. — איצט, ווען זיי זיינען שוין געקומען צו א באשלוס, האבען זיי זיך געאיילט אז קריסטאף זאל וואס שנעלער אוועק. רוהיג, אהן קיין שום בושה, פונקט ווי זיי וואלטען איהם פריהער מיט א מינוט גארניט געזאגט, — זיינען זיי צוגעקומען צו איהם און זיך כלומר'שט שטארק אינטערעסירט איהם צו העלפען.

— איהר טארט קיין מינוט ניט פארלירען, מיין הער — האט זיך לארכען'ס פאטער אנגערופען. זיי וועלען צוריק־קומען. ס'נעהמט בלויז א האלבע שעה צו דער פעסטונג — און א האלבע שעה צוריק... איהר האט נאר צייט צו אנטלוי־פען.

קריסטאף האט זיך אויפגעהויבען. ער האט דערווייל אויך באטראכט די לאגע. ער האט געוואוסט אז אויב ער

בלייבט, איז ער אַ פאַרלאָרענער. אָבער אַנטלויפען, און אַנטלויפען ניט זעהענדיג זיין מאַמען צווערשט?.. ניין, ער וועט זיך קודם כל אומקעהרען אין שטאָט אריין, און ער וועט נאָך האָבען צייט אַוועקצופאָהרען ביי נאַכט און אריבער די גרענעץ. אָבער זיי האָבען גענומען שרייען אַז ס'וועט זיין צו שפּעט. ערשט האָבען זיי איהם פאַרשטעלט די טיר און איהם ניט געלאָזט אַנטלויפען— איצט זיינען זיי געווען געגען דעם וואָס ער אַנטלויפט ניט באַלד. צוריקגעהן אין שטאָט אריין מיינט זיכער געכאַפּט צו ווערען: איידער ער וועט נאָך אָנקומען, וועט מען שוין דאָרט צו וויסען געבען; מ'וועט איהם ארעסטירען אין דער היים. — ער האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט. לאָרכען האָט איהם פאַרשטאַנען.

— אייער מאַמען ווילט איהר זעהן? איך וועל געהן, אַנשטאָט אייך.

— ווען?

— היינט ביי נאַכט.

— אמת? איהר וועט עס טאָן?

— איך געה שוין.

זי האָט גענומען איהר שאַל און זיך ארומגעוויקעלט.

— שרייבט עפּעס, איך וועל עס איהר ברענגען. קומט דאָ ארום, וועל איך אייך געבען טינט.

זי האָט איהם מיטגעשלעפּט אין אַ הינטערשטען ציי־מער. אויפ'ן שוועל האָט זי זיך אומגעדרעהט און אויסגע־רופען צו איהר געליבטען:

— און דו, מאַך דיך פאַרטיג; דו וועסט איהם פיהרען. דו וועסט איהם ניט אָפּלאָזען ביז דו וועסט איהם ניט זעהן אויף יענער זייט גרענעץ.

— גוט! גוט! — האָט ער געענטפערט.

פּונקט ווי די אַנדערע האָט ער אויך שטאַרק חשק געהאַט, איהם שוין צו זעהן אין פראַנקרייך, — און נאָך ווייטער אויב מעגליך.

לאַרכען איז אַריין מיט קריסטאָף'ן אין צווייטען צימער. קריסטאָף האָט זיך נאָך געקווייִנקעלט. דער געדאַנק אַז ער וועט ניט אַרומנעהמען, ניט קושען זיין מאַמען האָט איהם פאַר וועהטאָג צוריסען דאָס האַרץ. ווען וועט ער זי נאָך זעהן? זי איז דאָך אַזוי אַלט, אַזוי אויסגעמאַטערט און אַזוי איינזאַם. דער נייער קלאַפּ וועט זיין אַ סוף פון איהר. וואָס וועט פון איהר ווערען אָהן איהם? נאָר וואָס וואָלט פון איהר געוואָרען ווען ער זאָל בלייבען, פאַר'משפּט ווערען און אַריינפאַלען אין געפענגעניש אויף יאָהרען לאַנג. וועט זי דערמיט ניט זיין מעהר פאַרלאָרען און האָבען מעהר רחקות אויסצושטעהן? אַלס פרייער מענש, ווי ווייט ער זאָל ניט זיין, קאָן ער איהר העלפען, קאָן זי צו איהם קומען.

— ער האָט ניט געהאַט קיין צייט אַלץ קלאָר צו באַטראַכטען. לאַרכען האָט איהם אָנגענומען ביי דער האַנט, און שטעהענדיג נעבען איהם, האָט זי אויף איהם געקוקט. זייערע פּנים'ער האָבען זיך כמעט אָנגעריהרט. זי האָט איהם אַרומגעכאַפּט און איהם געקושט אין די ליפּען:

— שנעל! שנעל! האָט זי געזאָגט, אָנווייזענדיג אויפ'ן טיש.

ער האָט מעהר ניט געזוכט איבערצוקלערען. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט; ער האָט אַרויסגעריסען אַ פיער־קאַנטיג בלאַט מיט רויטע ליניעס פון אַ רעכנונגס־בוך.

ער האָט געשריבען:

„טייערע מאַמע. זיי מיר מוחל! איך וועל דיר דערמיט אָנטאָן גרויסע יסורים. איך האָב אַנדערש ניט געקאָנט

האַנדלען. איך האָב קיין שלעכטס ניט געטאָן. אָבער איצט מוז איך אַנטלויפען, און פאַרלאָזען דייטשלאַנד. די מיידעל וואָס וועט דיר אָט דעם בריוועל ברייננען וועט דיר אַלץ דערצעהלען. איך האָב געוואָלט מיט דיר זיך געזעגענען. וויל מען מיך ניט לאָזען. זיי טענה'ן אַז מען וועט מיך דער־ביי אַרעסטירען. איך פיהל מיך אַזוי אומגליקליך אַז איך האָט מעהר קיין ווילענס־קראַפט ניט. איך וועל אַריבער דעם גרענעץ, אָבער איך וועל ניט ווייט פון דאָרט פאַרבלייבען ביז דו וועסט מיר שרייבען. די מיידעל וואָס ברענגט דיר מיין בריעף וועט מיר אויך ברענגען דיין ענטפער. זאָג מיר, וואָס איך זאָל טאָן. וואָס דו וועסט מיר הייסען וועל איך טאָן. אויב דו ווילסט איך זאָל צוריקקומען, זאָג מיר און איך וועל צוריקקומען. איך קאָן ניט פאַרטראָגען דעם גע־דאַנק דיך אַליין איבערצולאָזען. וואָס וועסטו טאָן וועגען חיונה? זיי מיר מוחל! זיי מיר מוחל! איך האָב דיך ליעב און קוש דיך..."

— איילט אייך צו, מיין הער, אַז ניט וועט ווערען צו שפּעט — האָט געזאָגט לאָרכען'ס געליעבטער, עפענענדיג די טיר.

קריסטאָף האָט זיך שנעל גע'חתמ'ט, און אָפּגעגעבען דעם בריעף צו לאָרכען:

— איהר וועט עס אַליין איבערגעבען?

— איך געה שוין — האָט זי געענטפערט.

זי איז שוין גרייט געוועזן אַוועקצוגעהן.

— מאָרגען, האָט זי ווייטער געזאָגט, וועל איך אייך ברענגען דעם ענטפער: איהר וועט אויף מיר וואַרטען אין לעידען — (די ערשטע סטאַנציע אויף יענער זייט גרענעץ) — אויפ'ן בריקעל ביים וואָקזאַל.

(בעת קריסטאף האט געשריבען, האט זי, א נייגעריגע, געלעזען דעם בריעף איבער זיינע אקסלען).

— איהר וועט מיר אלץ דערצעהלען: ווי אזוי זי וועט איבערטראגען דעם קלאפ און וואס זי וועט זאגען? איהר וועט פון מיר גארניט באהאלטען? — האט קריסטאף געזאגט מיט א בעטענדיג קול.

איך וועל אייך אלץ דערצעהלען.

זיי האבען שוין ניט געקאנט פריי ריידען: דער יונגער־מאן איז געשטאנען אויפ'ן שוועל און האט אויף זיי געקוקט.

— און איך וועל אויך געהן זי זעהן אמאל, הער קריס־טאף, האט לארכען געזאגט —איך וועל שיקען נייעס פון איהר: זארגט נאר ניט.

— זי האט איהם געגעבען א שטארקען האנט־דרוק ווי א מאן.

— געהן מיר? האט געזאגט דער פויער.

— מיר געהן! האט קריסטאף געענטפערט.

זיי זיינען אלע דריי ארויסגעגאנגען. אויפ'ן וועג האבען זיי זיך פאנאנדערגעשיידט. לארכען איז געגאנגען אין איין זייט און קריסטאף מיט זיין פיהרער אין אן אנדערער. זיי האבען צווישען זיך ניט גערעדט. א פארנעפעלטע האל־בע לבנה האט געהאלטען ביים פארשווינדען הינטער'ן וואלד. א שטארק בלאסע ליכט האט געשוועבט איבער די פעלדער. דער טומאן האט זיך אין די טאלען געהויבען, וויים ווי מילך. די קאלט־ציטערינדע בוימער האבען זיך געבאדען אין דער פייכטער לופט. — א פאר מינוטען זיינען קוים אוועק זינט זיי זיינען ארויס פון דארף, און דער פויער איז פלוצלונג צוריקגעשפרונגען מאכענדיג קריסטאף'ן א סמן ער זאל זיך

אפשטעלן. זיי האבען זיך צוגעהערט. אויפ'ן טראקט פאר זיי, האבען זיי געהערט דעם ריטמישען טריט פון א קאמפאניע סאלדאטען וואס דערנעהענטערט זיך. דער פויער איז אריבערגעשפרונגען דעם צאם. קריסטאף האט איהם נאכגעטאן. זיי האבען זיך דערווייטערט איבער די פאראקערטע פעלדער. זיי האבען געהערט ווי די סאלדאטען געהן פארביי איבער'ן וועג. אין דער פינסטער האט זיי דער פויער אנגעשטעלט א פויסט. קריסטאף'ן האט דאס הארץ געקלאפט, ווי ביי א נאכגעיאגטער חיה בעת זי הערט די הינט פארבייליופען. זיי האבען זיך ווידער געלאזט געהן אויפ'ן טראקט, אויסמיידענדיג די דערפער, און די אפגעזונדערטע הייפען, וואו דאס בילען פון די הינט אויף דעם גאנצען שטח האט זיי ארויסגעגעבען. ווען זיי זיינען ארונטער פון א בערגעל באוואקסען מיט ביימלאך, האבען זיי פון דערווייטענס אנטדעקט די סיגנאל-ליכט פון דער אייזענבאהן ליניע. זיי זיינען נאכגעגאנגען נאך יענע ליכט און האבען באשלאסען צו נעהמען דעם וועג צו דער נאהענסטער סטאנציע. דאס איז געווען ניט קיין לייכטע זאך. וואס ווייטער זיי זיינען ארונטער אין טאל, אלץ טיעפער זיינען זיי פארזונקען אין א טומאן. זיי האבען צוויי-דריי מאל געמוזט אריבערשפרינגען טייכלאך. דאן זיינען זיי געגאנגען איבער צוראקערטע פעלדער אהן אן ענד. דער גרונט איז געווען אומגלייך, א שטענדיגער בייט צווישען בערגלאך און הוילונגען האט זיי געשטעלט אין געפאהר אומצופאלען. נאכדעם ווי זיי האבען ארום געבלאנדזשעט סתם אזוי אהן א קלארען וועג און זיינען אין גאנצען אויסגענעצט געווארען פון טומאן, האבען זיי פלוצלונג דערזעהן וויניג טריט פון זיך די באהןלאמטערנע אויף דער הויך פון דער אייזענבאהן-דאמבע.

זיי האבען דאס ארויפגעקלעטערט, און, אין געפאהר געכאפט צום ווערען, זיינען זיי געגאנגען מיט די רעלסען ביז ניט ווייט פון דער סטאנציע. דארט זיינען זיי ווידער ארויף אויפ'ן וועג. זיי זיינען אנגעקומען צום וואקזאל צוואנציג מינוט פאר'ן צוג. טראץ לארכען'ס אנזאג האט דער פויער קריסטאפ'ן דארט איבערגעלאזט: ער האט זיך געאיילט צו־ריקצוגעהן כדי געוואהר צו ווערען וואס ס'איז געווארען פון די אנדערע און פון זיין באשערטע.

קריסטאף האט געקויפט א בילעט קיין לעידען און גע־ווארט גאנץ אליין אין דעם פוסטען ווארט־זאל פאר די פא־סאזשירען פון דריטען קלאס. אן אנגעשטעלטער, וואס האט גערדרעמעלט אויף א באנק, איז געקומען אנקוקען זיין בילעט און איהם געעפענט די טיר ביים אנקומען פון צוג. ס'איז קיינער ניט געווען אין וואגאן. אלע אין צוג זיינען געשלא־פען. די פעלדער זיינען אויך געווען אנטשלאפען. נאר קריסטאף, כאטש ער איז מיעד געווען, איז ניט געשלאפען. וואס מעהר די שווערע, אייזערנע רעדער האבען איהם דער־נעהענטערט צו דער גרענעץ, אלץ מעהר, אלץ שטארקער האט זיך איהם געוואלט ער זאל שוין זיין אויף יענער זייט — פריי. אין א שעה ארום וועט ער זיין פריי. אבער ביז דע־מאלט האט מען איהם מיט איין ווארט געקאנט ארעסטי־רען... ארעסטירט ווערען! דער געדאנק האט איהם אויפ־געוועגט. דערשטיקט ווערען פון דער העסליכער מאכט!.. ער האט ניט געקאנט אטעמען. זיין מאמע, זיין פאטער־לאנד, וואס ער פארלאזט זיינען פארשוואונדען פון דער מחשבה. זיין פרייהייט איז געווען איינגעשטעלט און ער האט געקלערט נאר פון דער פרייהייט. נאר פונ'ם לעבען וואס איהם האט זיך געוואלט ראטעווען. ער מוז זיך ראַ־

טעוועז. וואָס ער זאָל ניט דארפען טאָן! אַלץ, אפילו א פארברעכען! ... ער האָט ביטער חרטה געהאט וואָס ער האָט גענומען דעם צוג אָנשטאָט ווייטער צו געהן מיט'ן טראקט ביז צו דער גרענעץ. ער האָט געוואלט פארכאפען א פּאָר שטונדען. נו האָט ער שעהן אויסגעפיהרט! ער וועט דעם וואָלף אריינפאלען גלייך אין מויל אריין. אודאי ווארט מען שוין אויף איהם ביי דער גרענעץ־סטאנציע; דער באפעהל איז שוין ארויסגעגעבען געווארען... ער וועט ארעסטירט ווערען. א רגע האָט ער געקלערט אראפּצושפּרינגען פון דעם לויפענדען צוג, פאר'ן וואָקזאל; ער האָט שוין אפילו גע־עפענט דאָס פענסטער פונ'ם וואגאָן; ס'איז שוין אָבער גע־ווען צו שפּעט. מ'איז אָנגעקומען. דער צוג האָט זיך אָפּ־געשטעלט. פינף מינוטען אָן אייביגקייט. קריסטאָף האָט זיך ווי באהאלטען אין עק וואגאָן הינטער'ן פאָרהאנג, און מיט א קלאפּענדיג הארץ געקוקט אויפ'ן באהן־בריקעל, וואו א זשאנדאר איז געשטאנען ווי פארגליווערט. דער נאטשאל־ניק פון דער סטאנציע איז ארויסגעקומען פון זיין ביורא מיט א דעפּעשע אין האנט און זיך שנעל געלאָזט געהן צום זשאנדאר. קריסטאָף האָט ניט געצווייפעלט אז עס האנדעלט זיך וועגען איהם. ער האָט געזוכט א געוועהר. ער האָט אָבער בלויז געהאט א גרויס מעסערעל מיט צוויי קלינגלאך. ער האָט זיי געעפענט אין קעשענע. אן אנגעשטעלטער מיט א לאמטערנע אויף דער ברוסט איז פארבייגעגאנגען דעם באהן־נאטשאלניק און זיך געלאָזט לויפען דורכ'ן צוג. קריס־טאָף האָט מיט דער פויסט פעסט ארום הענטעל פון מעסע־רעל אין דער קעשענע זיך צוגעקוקט ווי ער קומט אָן און האָט געטראכט:

— איך בין פארלאָרען!

ער איז געווען אין אַזאַ שטאַרק־אויפגערעגטען צו־שטאַנד אַז ער וואָלט אימשטאַנד געווען אַריינצורוקען דאָס מעסער אין דעם מענשען'ס ברוסט, ווען יענעם וואָלט צום אומגליק איינגעפאַלען דער געדאַנק צו קומען גלייך צו איהם און צו עפענען זיין וואַגאָן. דער אָנגעשטעלטער האָט זיך אָבער אָפּגעשטעלט ביים צווייטען וואַגאָן כדי איבערצוקו־קען דעם בילעט פון אַ פּאַסאַזשיר וואָס איז נאָר־וואָס אויפ־געשטיגען. דער צוג האָט ווידער אָנגעהויבען געהן. קריס־טאָף האָט געדריקט זיין קלאַפּענדיג האַרץ. ער האָט זיך ניט גערוהרט. ער האָט מורא געהאַט צו טראַכטען אַז ער איז שוין געראַטעוועט. ער האָט זיך דאָס ניט געוואָלט גלויבען ביז ער וועט ניט זיין אויף יענער זייט גרענעץ... ס'האָט אָנגעהויבען טאָגען. די סילועטען פון די בוימער זיי־נען אַרויס פון דער פינסטערקייט. אַ וואָגען איז פאַרביי אויף'ן טראַקט, ווי אַ פאַנטאַסטישער שאָטען, מיט קלינ־גענדיגע גלעקלאַך און אַ ווינקענדיג אויג... מיט'ן פּנים אָנ־געקלעפּט אין פענסטער, האָט קריסטאָף זיך אָנגעשטרענגט צו זעהן דעם סלופּ מיט'ן קייזערליכען הערב וועלכער האָט אָנגעצייכענט דעם גרענעץ פון זיין קנעכטשאַפט. בעת דער באַהן־לאָקאָמאָטיוו האָט געפייפט, אָנזאָגענדיג דערמיט אַז מ'וועט באַלד אָנקומען צו דער ערשטער בעלגישער סטאַנציע האָט ער איהם נאָך אַלץ געזוכט אין דער פריהמאָרגען־ליכט.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, אויפגעעפענט ברייט דעם פענסטער און אַריינגעאָטעמט די אייז־קאַלטע לופט. פריי! דאָס גאַנצע לעבען שטעהט פאַר איהם! די לעבענס־פרייד!..

— אָבער באַלד האָט ער פּלוצלונג דערפיהלט די טרויעריג־קייט פון זיין לאַגע, פון דעם וואָס ער פאַרלאָזט, פון דעם וואָס עס וואַרט אויף איהם: מיעד פון דער אויפרעגענדער נאַכט

איז ער געבליבען אַ דערשלאָגענער. ער האָט זיך אַראָפּגע־לאָזט אויף דער באַנק. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט ביי דער סטאַנציע; און ווען אַ באַהן־אָנגע־שטעלטער האָט געעפענט די טיר פון זיין וואַגאָן האָט ער געפונען קריסטאָף'ן שלאָפענדיג. דער אָנגעשטעלטער האָט איהם אַ טרייסעל געטאָן ביי דער האַנט און קריסטאָף האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ צוטומעלטער, מיינענדיג אז ער האָט גע־שלאָפען אַ גאַנצע שטונדע. ער האָט מיט אַ שווערען טריט אָפּגעשטיגען, זיך צוגעשלעפּט צום צאַל־באַאַמטען, און ווען ער איז באַשטימט אָנגענומען געוואָרען אויף דעם פרעמדען באָדען, און זיך מעהר ניט געדאַרפט פאַרטיידיגען, האָט ער זיך גוט אויסגעצויגען אויף אַ באַנק אין וואַרט־זאַל און איז באַלד אַנטשלאָפען געוואָרען ווי אַ דער'הרג'עטער.

ער האט זיך אויפגעכאפט ארום מיטאג־צייט. לאר־
בען האט געווים נים געקאנט קומען פאר א זייגער צוויי אדער
דריי. ווארטענדיג אויף איהר צוג איז ער ארומגעגאנגען
הין און צוריק אויף'ן קליינעם וואקזאל. שפעטער אביסעל
האט ער זיך גלייך אוועקגעלאזט אויף די פעלדער. עס איז
געווען א גרויער, אומעטיגער טאג, וואס האט שוין געשמעקט
מיט'ן ווינטער. נאר דאס אומעטיגע פייפען פון א מאנעוור־
רירענדען צוג האט איבערגעריסען די טרויעריגע שטילקייט.
קריסטאף האט זיך אפגעשטעלט א פאר טריט פאר דער גרע־
נעץ, אויף דער פוסטער לאנדשאפט. פאר איהם איז געלע־
גען א קליין קלאר טייכעלע, א פלעק וואסער וואו דער גרויער
הימעל האט זיך אפגעשפיגעלט. ס'איז געווען נעבען א
צאם מיט צוויי בוימער ביי דער זייט. רעכטס, א פאפעל־
בוים, ווענעס שפיץ ס'האט זיך געטרייסעלט און איז שוין
געווען אהן בלעטער. הינטען, א גרויסער ניסען־בוים מיט
שווארצע און נאקעטע צווייגען וואס האט אויסגעזעהן ווי
א משונה'דיגע ים־חיה. די לעצטע פארבלייכטע בלעטער
האבען זיך אליין אפגעריסען און אראפגעפאלען אייכציגווייז
אין דעם פארגליווערטען טייכעלע...

ס'האט זיך איהם געדאכט אז ער האט דאס שוין אמאל
געזעהן: די צוויי בוימער, דאס טייכעלע... פלוצלונג האט ער
דערפיהלט א שווינדעל אין קאפ, איינעם פון די זעלטענע
מאמענטען ווען דער גאנצער לעבענס־טאל אנטפלעקט זיך.
— א בליק אין דער אומענדליכער צייט. מ'ווייסט נים
וואו מ'געפינט זיך, ווער מ'איז, אין וואס פאר א יאהרהונ־

דערט מ'לעבט, זינט וויפיעל יאָהרהונדערטען מ'איז אַזוי. קריסטאָף האָט געהאַט דאָס געפיהל אַז דאָס איציטיגע איז שוין אַמאָל געווען, אַז דאָס וואָס איז א י צ ט, איז ניט א י צ ט נאָר שוין אַן אַנדער צייט. ער איז מעהר ניט ער אַליין. ער האָט זיך געזעהן פון דרויסען, פון זעהר ווייט, אַזוי ווי א צ ו ו י י ט ע ר, וואָס איז שוין פריהער דאָ געשטאַנען, אויף דעם זעלבען אָרט. ער האָט אין זיך גע־הערט דאָס זשומען פון ערינערונגען, פון אומבאַקאַנטע באַ־שעפענישען; זיינע אָדערען האָבען געראַוישט, געשטורעמט: א ז ו י... אַזוי... אַזוי...

דער געראַויש פון יאָהרהונדערטען איז אין איהם פאַר־ביי... א סך אַנדערע קראַפטס האָבען דורכגעלעבט דאָס וואָס ער לעבט היינט דורך, און האָבען פאַרזוכט דעם טעם פון דער אַנגסטליכער לעצטער שעה אויף דער ערד וואו מ'איז גע־באָרען געוואָרען. א שטענדיג־וואַגלענדע ראַסע, פון אומע־טום פאַריאָגט צוליעב איהר זעלבסשטענדיגקייט און אומ־רוהיגקייט; — א ראַסע וואָס איז שטענדיג דער קרבן פון אַן אינערליכען בייזען גייסט וועלכער האָט זיי ניט געלאָזט רוהען אין ערגעץ; אַ ראַסע וואָס איז דאָך צוגעבונדען געווען צו דער ערד פון וואַנען מ'האָט זי אָפּגעריסען און איז שטענ־דיג פון איהר געליעבט געווען.

און איצט איז קריסטאָף אויך דורכגעגאַנגען די זעלבע עלענדע עטאַפּען, און זיינע טריט האָבען אויפ'ן וועג געפונען די סלאַדען פון די וואָס זיינען דאָרט געווען פאַר איהם. מיט פאַרוויינטע אויגען האָט ער געקוקט אויפ'ן פאַטערלאַנד וואָס פאַרשווינדט אין נעפעל — אויפ'ן לאַנד מיט וועלכען ער דאַרף זיך איצט געזעגענען. האָט ער דען פריהער ניט געהאַט א ברענעדיגען פאַרלאַנג עס צו פאַרלאָזען? — יאָ,

אבער איצט אז ער האָט ער באמת פאַרלאָזט, האָט איהם אַן אנגסט־געפיהל דורכגענומען. נאָר אַ חיה׳יש הארץ קאָן זיך אַפּשיידען פונ׳ם פאַטערלאַנד אָהן אַ טיעפען געפיהל. גליקליך אָדער אומגליקליך — מ׳האָט דאָרט געלעבט; ס׳איז צו אונז געווען אַ באַשיצער און חבר; מ׳האָט דערין גע־רוהט, דערויף געשלאָפען, מ׳איז דערמיט דורכגענומען; ס׳האַלט אין דער ברוסט אויף דעם אוצר פון אונזערע חלומות, אונזער גאַנצען פאַרגאַנגענעם לעבען, און דאָס פאַר־הייליגטע שטויב פון די וואָס מיר האָבען געליעבט. קריסטאָף האָט פאַר זיך געזעהן, ווי אין אַ רייהע, די פאַרגאַנגענע יאָה־רען, די ליעבע געשטאַלטען פון די וואָס ער האָט געלאָזט אויף און אונטער דער ערד. זיינע פריידען זיינען איהם ניט טייערער געווען פון זיינע ליידען. מינאַ, סאַבינע, אַדאַ, דער זיידע, דער פעטער גאָטפריעד, דער אַלטער שולץ — אַלץ איז ווידער ערשינען פאַר די אויגען, אין אַ פּאָר מי־נוטען. ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרייסען פון די טויטע — (ווארום ער האָט אַדאַ׳ן אויך גערעכענט צווישען די טויטע). — דער געדאַנק אַז ער לאָזט איבער פון אַלע די וואָס ער האָט געליעבט, זיין מאַמען אַלס די איינציג־לעבעדיגע צווישען די פאַנטאָמען איז איהם אומערטרעגליך געווען. ער האָט שוין געהאַלטען ביים צוריקאַריבערגעהן דעם גרענעץ, פאַר אַ פייגהייט האָט איהם זיין אַנטלויפען אויסגעזעהן. ער איז געווען אַנטשלאָסען אַז, אויב דער ענטפער וואָס לאָר־כען האָט איהם געדאַרפט ברענגען פון זיין מאַמען וועט אַרויסווייזען אַ צו גרויסען צער, זאָל ער אונטער אַלע אומ־שטענדען צוריקקומען. אויב אָבער ער וועט גאָרניט דער־האַלטען? אויב לאָרכען האָט ניט געקאָנט צוקומען צו לואיזע׳ן, אָדער איהם ניט געקאָנט צוריקברענגען קיין ענט־

פער? — דעמאָלט, ווען ער צוריקגעהן!

ער האָט זיך אומגעקעהרט צו דער סטאַנציע. נאָך אַ לאַנג־אומעטיגען ווארטען איז דער צוג אָנגעקומען. קריסטאָף האָט זיך צוגעקוקט צו זעהן לאָרכען׳ס מוטיג געשטאַלט, ווייל ער איז זיכער געווען אַז זי וועט האַלטען וואָרט. זי האָט זיך אָבער ניט באַוויזען. ער איז אומרוהיג געלאָפען פון איין וואַגאָן אין אַנדערען. ער האָט געקלערט אַז ווען זי זאָל זיין אויפ׳ן צוג, וואָלט זי געווים געווען פון די ערשטע אַראָפּצושטייגען. געהענדיג האָט ער זיך אָנגעשלאָגען אַז אַ כוואַליע פּאַסאַזשירען וואָס זיינען איהם אַנטקעגען געקומען; ער האָט אָבער דערביי באַמערקט אַ געזיכט וואָס האָט איהם אויסגעזעהן באַקאַנט. דאָס איז געווען אַ מיידעלע פון אַ יאָהר דרייצעהן אָדער פערצעהן, אַ פעסטע, אַ קורצינקע, אַ פּנים רויט ווי אַן עפּעל, מיט אַ גראָב פּאָדרעהט נעזעל, אַ גרויס מויל און אַ גראָבען צאָפּ ארום דעם קאָפּ. ער האָט זיך צו איהר בעסער צוגעקוקט און געזעהן אַז זי האַלט אין דער האַנט אַן אַלט רענצעל עהנליך צו זיינעם. זי האָט אויך איהם אויך געקוקט פון דער זייט ווי אַ שפּערלינג, און ווען זי האָט געזעהן אַז ער באַטראַכט זי איז זי צוגעקומען צו איהם. זי איז אָבער געבליבען שטעהן פאַר איהם און אָנגעשטעלט אויף איהם קליינע, מייזעלשע אויגען, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט. קריסטאָף האָט זי דערקענט: ס׳איז געווען די קליינע דיענסט־מיידעל פון לאָרכען׳ס פערמע. אָנווייזענדיג אויפ׳ן רענצעל, האָט ער געזאָגט:

— ס׳איז מיינס, — ניט אמת?

די קליינע האָט זיך ניט געריהרט און געענטפערט מיט אַ כלומר׳שט נארישער מינע:

— איך ווייס ניט. ערשטענס פון וואַנען קומט איהר?

— פון בואיר.

— און ווער שיקט עס אייך?

— לאַרכען. געגוג שוין — גיב אַהער.

די מיידעל האָט איהם דערלאַנגט דאָס רענצעל.

— ט׳האָט איהר עס!

און זי האָט צוגעגעבען.

— אה! כ׳האָב אייך באַלד דערקענט!

— נו, וואָס־זשע האָסטו געוואָרט?

— כ׳האָב געוואָרט אַז איהר זאָלט מיר זאָגען אַז איהר זייט עס.

— און לאַרכען? — האָט קריסטאָף געפרעגט. פאַר־וואָס איז זי ניט געקומען?

— די מיידעלע האָט ניט געענטפערט. קריסטאָף האָט פאַרשטאַנען אַז זי וויל ניט ריידען צווישען די אַלע מענ־שען. צו ערשט האָבען זיי געמוזט לאָזען איבערקוקען דעם באַגאַזש. נאָכדעם האָט קריסטאָף אוועקגעפיהרט די מיידעלע ווייט אין א זייט:

— די פּאָליציי איז געקומען, — האָט די קליינע דער־צעהלט, ווערענדיג ריידעוודיג. זיי זיינען אַנגעקומען באַלד נאָך אייער אוועקגעהן. זיי זיינען אריין אין די הייזער, אויסגעפרעגט אַלעמען, ארעסטירט דעם הויכען סאַמי, קריס־טיאַן׳ען, און דעם אַלטען קאַספּאַר. און מעלאַניע׳ן און גער־טרוד׳ן אויך, כאָטש זיי האָבען געשריען אַז זיי האָבען גאָר־ניט געטאָן; און זיי האָבען געוויינט; און געטרוד האָט צו־דראַפּעט דעם פּנים פון זשאַנדאַר. ס׳איז אומזיסט געווען דאָס זאָגען אַז איהר האָט אַלץ אָפּגעטאָן.

— וואָס הייסט איך! האָט קריסטאָף אויסגערופען.

— נו, אוודאי, — האָט די קליינע רוהיג געענטפערט.
— וואָס האָט עס אויסגעמאַכט? איהר זייט דאָך שוין גע־גוען אוועק! נאָכדעם האָט מען אייך געזוכט אומעטום, און נאָכגעשיקט מ'זאָל אייך געפינען.
— און לאָרכען?
— לאָרכען איז דאָרט ניט געווען. זי איז צוריקגעקו־מען שפּעטער, נאָכדעם ווי זי איז געווען אין שטאָט.
— נו, האָט זי געזעהן מיין מאַמען?
— יאָ. ט'האָט איהר דעם בריעף. זי האָט געוואָלט אליין קומען, נאָר מ'האָט זי אויך ארעסטירט.
— ווי אַזוי־זשע האָסטו געקאָנט?..
— אָט ווי אַזוי: זי איז צוריקגעקומען אין דאָרף אריין און די פּאָליציי האָט זי דערביי ניט געזעהן; זי האָט שוין געהאַלטען ביים ווידער אוועקגעהן. נאָר געטרוד'ס שוועס־טער האָט זי גע'מסר'ט. מ'איז זי געקומען נעהמען, און ווען זי האָט געזעהן די זשאַנדאַרן, איז זי ארויף צו זיך אין צי־מער און צו זיי אראָפּגעשריען אז זי קומט שוין אראָפּ, אז זי טוט זיך אָן. איך בין געווען אין וויינגאָרטען, הינטער דער שטוב. זי האָט מיך שטיל גערופען דורכ'ן פענסטער: „לידיא! לידיא!“ איך בין צוגעקומען, זי האָט מיר איבער־געגעבען אייער רענצעל און דעם בריעף וואָס אייער מאַמע האָט איהר געגעבען און זי האָט מיר אַקוראַט געזאָגט וואו איך וועל אייך געפונען. זי האָט מיר אויך געזאָגט איך זאָל לויפען און זיך ניט לאָזען כאַפּען. בין איך געלאָפען — און אָט בין איך דאָ.
— מעהר האָט זי דיר גאָרניט געזאָגט?
— יאָ — איין זאַך. זי האָט מיר געזאָגט איך זאָל אייך איבערגעבען דאָס שאַלכעל, כדי אייך צו ווייזען אַז זי

האט מיך געשיקט.

קריסטאף האט דערקאנט דאס ווייסע שאלכעל מיט די רויטע פלעקען און אויסגענייטע בלומען, מיט וועלכע לארכען האט אוועקגעהענדיג דעם פריהעריגען אבענט זיך ארומגע־בונדען דעם קאפ. דער נאיוועך תירוץ מיט וועלכען זי האט זיך באדיענט איהם צו שיקען דעם ליעבעס־אנדיינקען, האט איהם ניט געמאכט שמייכלען.

— און איצט, האט די קליינע אויסגערופען, זע איך דעם צוג צוריקגעהן: איך מוז אהיימפאהרען. גוטע נאכט!

—ווארט נאר, אביסעל, — האט קריסטאף געזאגט. און דאס געלט אויף צו קומען וואו האסטו גענומען?

— לארכען האט ער מיר געגעבען.

— נא, נעהם סיי ווי סיי, — האט קריסטאף זיך אפ־גערופען ארייגרוקענדיג איהר א פאר מטבעות אין דער האנט אריין.

די קליינע האט געוואלט אנטלויפען, ער האט זי צוריק־געהאלטען ביים ארעם.

— א חוץ דעם... האט ער א מאך געטאן...

ער האט זיך אנגעבויגען און זי געקושט אויף ביידע באקען. די מיידעלע האט זיך ווי ניט געלאזט.

— מאך ניט אזא פנים, — האט קריסטאף שפאסענ־דיג, אויסגערופען, די קושען זיינען ניט פאר דיינעטוועגען.

— א! איך וויים, — האט די קליינע געענטפערט מיט א שפאטענדען געלעכטערעל — זיי זיינען פאר לארכען.

מיט די קושען אויף דער מיידעלע'ס פולע באקען האט קריסטאף געקושט ניט נאר לארכען נאר דאס גאנצע דייטש־לאנד.

די קליינע איז אוועק און איז צוגעלאפען צום צוג וואס

האָט געהאַלטען אין אַפּגעהן. זי איז געבליבען שטעהן ביי דער טיר און געפּאַכט מיט איהר האַנט־טיכעל, ווי לאַנג זי האָט איהם נאָך געקאָנט זעהן. ער האָט מיט די אויגען נאָכ־געפאָלגט די דאָרפס־מיידעלע וואָס האָט איהם צום לעצטען מאָל געבראַכט אַן אָטעם־צוג פון זיין פאָטערלאַנד און פון די וואָס ער האָט דאָרט געליעבט.

ווען זי איז פאַרשוואונדען, האָט ער זיך געפיהלט גאַנץ אַליין, א פרעמדער, אין א פרעמד לאַנד. ער האָט געהאַל־טען אין דער האַנט זיין מאַמע'ס בריעף און דאָס שאַלכעל, — דאָס ליעבעס־אָנדענקען. ער האָט עס צוגעדריקט צום האַרצען און געוואָלט עפענען דעם בריעף. זיין האַנט האָט אָבער געציטערט. וואָס וועט ער דאָרט לעזען? וואָס פאַר א צער וועט ער דאָרט געפינען? — ניין, ער וועט דעם שמערצהאַפטען פאַרוואורף ניט קאָנען איבערטראָגען; ער וועט איהם קלינגען אין די אויערען און ער וועט צוריק־פאָהרען.

ער האָט ענדליך דאָך געעפענט דעם בריעף און געלע־זען:

„מיין אָרים קינד, זאָרג דיך ניט פאַר מיינעטוועגען. איך וועל שוין ניט זיין נאַריש. גאָט האָט מיך געשטראָפט. איך האָב ניט געדאַרפט זיין אַזוי עגאָאיסטיש און דיך דאָ האַלטען. פאָהר קיין פאַריז. אפשר וועט דאָס בעסער זיין פאַר דיר. דאגה ניט וועגען מיר. איך וועל שוין ווי־עס־איז אויסקומען. דער עיקר איז, דו זאָלסט דיך פיהלען גליקלאַך. איך קוש דיך.“ דיין מאַמע.

„שרייב מיר ווען דו וועסט קאָנען.“

קריסטאָף האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין רענצעל און געוויינט.

אַ באַהן־אָנגעשטעלטער האָט אויסגעשריען — פּאַריז.
דער שווערער צוג איז אָנגעקומען מיט אַ גרויסען גערויש.
קריסטאָף האָט אָפּגעווישט זיינע טרערען און זיך געטראַכט:
— מ׳מוז געהן.

ער האָט געקוקט אויפ׳ן הימעל, אויף דער זייט וואו פּאַריז געפינט זיך. דער הימעל, טונקעל אומעטום, איז דאָרט נאָך טונקעלער געווען. ס׳איז געווען עפּעס ווי אַ שאָטען־פינסטערער אָפּגרונד. דאָס האַרץ האָט קריסטאָף׳ן אַ קלעם געטאָן, ער האָט זיך אָבער ווידער געטראַכט:

— מ׳מוז געהן! אזוי, מוז עס זיין.

ער איז ווידער אַרויפגעשטיגען אויפ׳ן באַהן, אָנגעבויגען זיך איבער׳ן פענסטער, און געקוקט אויפ׳ן דראָהענדען האָריזאָנט:

— אָ! פּאַריז! האָט ער געקלערט. פּאַריז! קום מיר צו הילף. ראַטעווע מיך! ראַטעווע מיינע מחשבות!

דער געדיכטער נעפּעל איז געדיכטער געוואָרען. הינטער קריסטאָף׳ן איבער׳ן לאַנד וואָס ער האָט אָקאָרשט פאַרלאָזען, האָט אַ שטיקעל העל־בלויער הימעל, גרויס ווי צוויי אויגען — ווי די אויגען פון סאַבינע׳ן — צווישען דעם שווערען וואָאָל פון די וואָלקענס, אומעטיג געשמייכעלט, און איז באַלד פאַרשוואונדען. דער צוג איז אוועק. אַ רעגען איז געפאַלען. ס׳איז נאַכט געוואָרען.